ר. גוטמאַן.

# אריטמעטיק

## אין אויפגאַבען

פאַרן 3־טען און 4־טען שול־יאָהר
און פאַר אָווענד־קורסען.

פערלאַג „פאָלקסשול".

הויפטפערקויף געזעלשאַפט „צענטראַל", ווארשא.

ר. גוטמאַן.

# אַריטמעטיק

## און אויפגאַבען

פאַר'ן 3-טען און 4-טען שול-יאָהר
און פאַר אָווענד-קורסען.

פערלאַג „פאָלקסשול".

הויפטפערקויף געזעלשאַפט „צענטראַל", וואַרשאַ.

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, וואַרשאַ.

# I.

## צאָהלען ביז צעהן טויזענד.

(ריינע טויזענדער)

1. נעהמט אַ מעטער און מעסט אויס, וויפיעל מעטער האַלט דער קלאַס אין דער לענג, אין דער ברייט.

2. אין 1 קילאָמעטער איז דאָ 1000 אַזוינע מעטער; וויפיעל מעטער איז דאָ אין 2 קילאָמעטער? אין 4 קילאָמעטער? אין 6 קילאָמעטער? אין 8 קילאָמעטער? אין 3 קילאָמעטער? אין 5 קילאָמע-טער? אין 7 קילאָמעטער? אין 9 קילאָמעטער? אין 10 קילאָמעטער?

3. וויפיעל קאָפּיקעס איז דאָ אין אַ רובל? (100). וויפיעל קאָפּיקעס איז דאָ אין 10 רובל? אין 2 צעהן-רובל'דיגע? אין 4 צעהן-רובל'דיגע? אין 6 צעהן-רובל'דיגע? אין 8 צעהן-רובל'דיגע? אין 10 צעהן-רובל'דיגע?

4. וויפיעל פּעניג איז דאָ אין אַ מאַרק? (100). אין איין צעהן-מאַרקשטיק? אין 3 צעהן-מאַרקשטיק? אין 5 צעהן-מאַרקשטיק? אין 7 צעהן-מאַרקשטיק? אין 9 צעהן-מאַרקשטיק?

5. זעהט, דאָס איז אַ קילאָגראַם. מיט אַ קילאָגראַם וועגט מען מעהל, צוקער און אַנדערע סחורות, אַזוי ווי מיט אַ פונט; אַ קילאָגראַם וועגט אַנ'ערך $2\frac{1}{2}$ פונט, אָדער 1000 גראַם (זעה!). וויפיעל גראַם איז דאָ אין 10 קילאָגראַם? אין 8 קילאָגראַם? אין 5 קילאָגראַם? אין 2 קילאָגראַם?

וויפיעל איז: 3 טויזענד מיט טויזענד? 5 טויזענד מיט טויזענד? 9 טויזענד מיט טויזענד? — וויפיעל איז 9 טויזענד אָהן טויזענד? 6 טויזענד אָהן טויזענד?

6. וועלכע צאָהל טויזענדער איז פֿאַר זעקס טויזענד? פֿאַר דריי טויזענד?—נאָך 8 טויזענד? נאָך 4 טויזענד? צווישען 3 טויזענד און 5 טויזענד? צווישען 6 טויזענד און 8 טויזענה?

---

7. שרייבט-אויף מיט ציפֿער: איינס, 1 צעהנדליג, 1 הונדערטער, 1 טויזענדער, 2 טויזענדער, 3 טויזענדער, 4 טויזענדער, 5 טויזענדער, 6 טויזענדער, 7 טויזענדער, 8 טויזענדער, 9 טויזענדער, 10 טויזענדער.

8. לייענט-איבער: 2, 20, 200, 2000, 4000, 6000, 7000, 9000, 5000, 3000, 10,000.

9. שרייבט-אויף אַלע צאָהלען פֿון 8 ביז 11 (אַזוי: 8, 9, א. אַ. וו.), פֿון 98 ביז 102, פֿון 997 ביז 1000 און גאַנצע טויזענדער פֿון 1000 ביז 10,000.

---

בערעכענט און שרייבט-אויף:

10.

| | | |
|---|---|---|
| 1000+1000 | 7000+1000 | 5000+1000 |
| 2000+1000 | 8000+1000 | 4000+1000 |
| 3000+1000 | 9000+1000 | 3000+1000 |
| 4000+1000 | 8000+1000 | 2000+1000 |
| 5000+1000 | 7000+1000 | 10000—1000 |
| 6000+1000 | 6000+1000 | 8000—1000 |

| | | |
|---|---|---|
| 6000—1000 | 9000+1000 | 8000 : 4 |
| 5000—1000 | 1000×2 | 9000 : 3 |
| 1000+4000 | 3000×3 | 6000 : 2 |
| 1000+9000 | 2000×4 | 3000 : 3 |
| 7000—1000 | 5000×2 | 1000 : 5 |
| 6000—1000 | 10000 : 5 | 10000 : 5 |

**.11**

1000+1000
×4
—2000
: 2
×3
+1000

---

6000—2000
: 2
×5
—7000
×3
—5000

---

2000×3
+2000
: 2
—1000
+6000
: 3

---

6000 : 3
+6000
: 4
+7000
—5000
×2

---

**.12**

2000+7000
—3000
—1000
×2
—9000
—1000

---

6000—2000
—3000
×9
: 3
+7000
: 5

---

9000 : 9
+6000
—3000
×2
+2000
—3000

---

5000×2
—7000
+5000
: 2
—2000
×5

---

## II.

## אַלע צאָהלען ביז צעהן טויזענד

**13.** וויפיעל מעטער איז דאָ אין אַ קילאָמעטער? וויפיעל מעטער איז דאָ אין אַ קילאָמעטער מיט 100 מעטער? מיט 200 מעטער? מיט 300 מעטער? מיט 500 מעטער? מיט 700 מעטער? מיט 900 מעטער? מיט 1000 מעטער?

**14.** וויפיעל גראַם איז דאָ אין 2 קילאָגראַם? אין 2 קילאָגראַם מיט 200 גראַם? מיט 400 גראַם? מיט 600 גראַם? מיט 800 גראַם? מיט 900 גראַם? מיט 1000 גראַם?

**15.** וויפיעל וועט זיין: 4000 מיט 100? 5000 מיט 300? 6000 מיט 500? 7000 מיט 600? 8000 מיט 900? 9000 מיט 900? 9000 מיט 1000?

**16.** צעהלט גאַנצע הונדערטערווייז צוריק פון 2000 ביז 1000, אַזוי: נײַנצעהן הונדערט, אַכטצעהן הונדערט...

**17.** צעהלט הונדערטערווייז פון 3500 ביז 4500, פון 9600 ביז 8600.

**18.** וויפיעל גאַנצע טויזענדער איז דאָ אין 1300? און וויפיעל הונדערטער אַחוץ דעם טויזענדער?

**19.** וויפיעל טויזענדער און וויפיעל הונדערטער איז דאָ אין 5800?

**20.** וויפיעל איז: 3000 מיט 600? 500 מיט 7000? 4 טויזענדער מיט 2 הונדערטער? 8 הונדערטער מיט 2 טויזענדער?

**21.** וויפיעל איז: 1800 אָהן 800? 4500 אָהן 500? 6100 אָהן 100? 9900 אָהן די 900?

**22.** וויפיעל איז: 1500 אָהן 1000? 5300 אָהן 5000?

4900 אָהן [illegible] אָהן 6000?

**23.** וואָס פֿאַר אַ צאָהל הונדערטער איז דאָ פֿאַר 6200 (6100)? פֿאַר 9000 (8900)? פאַר 5200? פֿאַר 8000? נאָך 1800? נאָך 2300? נאָך 9900? צווישען 6800 און 7000? צווישען 2700 און 2900?

**24.** צווישען וועלכע צאָהלען הונדערטער שטעהט 3500? (צווי־שען 3400 און 3600). 7100? 8200?

**25.** וועלכע צאָהל טויזענדער שטעהט צווישען 3900 און 4100? צווישען 7100 און 6900?

---

**26.** שרייבט־אויף מיט ציפֿער: טויזענד. וואָס בעדייט דער ערשטער נול פֿון דער רעכטער זייט? (אַז אין דער צאָהל איז נישטאָ קיין איינציגע). דער צווייטער נול? (אַז עס איז נישטאָ קיין צעהנד־ליגער). דער דריטער נול? (אַז עס איז נישטאָ קיין הונדערטער). מאָ וואו דאַרף מען שרייבען די הונדערטער? (באַלד נאָך די טויזענדער).

**27.** שרייבט־אויף מיט ציפֿער: צוויי טויזענד מיט הונדערט, דריי טויזענד מיט צווי הונדערט, פיער טויזענד מיט הונדערט, זעקס טויזענד פיער הונדערט, זיעבען טויזענד פינף הונדערט, אַכט טויזענד זיעבען הונדערט, אַכט טויזענד ניין הונדערט, ניין טויזענד, ניין טויזענד הונדערט, ניין טויזענד ניין הונדערט, צעהן טויזענד.

**28.** לייענט־איבער: 1000, 1100, 2200, 2400, 3500, 6700, 8800, 9700, 9900, 10 טויזענד.

**29.** שרייבט־איבער די פֿאָלגענדע צאָהלען איינע אונטער די אַנדערע, די הונדערטער אונטער די הונדערטער און די טויזענדער אונ־טער די טויזענדער: 1400, 300, 2600, 1800, 200, 3000, 150.

**30.** וויפיעל הונדערטער איז דאָ אין 3 טויזענד? אין 5 טויזענד? אין 7 טויזענד? אין 9 טויזענד? אין 10000.

**31.** וויפיעל הונדערטער איז דאָ אין טויזענד הונדערט? אין 3 טויזענד צוויי הונדערט? אין אַכט טויזענד פֿינף הונדערט?

32. וויפיעל טויזענדער און הונדערטער איז דאָ אין 33 הונ־דערטער? אין 43 הונדערטער? אין 85 הונדערטער? אין 1 צעהנדליג טויזענד?

---

33. וויפיעל ציפער איז דאָ אין 10? אין 100? אין 1000? אין 10000? וואָס בעדייט דער ערשטער נול פון דער רעכטער זייט? דער צווייטער נול? דער דריטער נול? דער פיערטער נול?

34. טאָ וואָס שרייבט מען אויף'ן ערשטען אָרט פון דער רעכ־טער זייט? (איינציגע). אויף'ן צווייטען אָרט? אויף'ן דריטען אָרט? אויף'ן פיערטען אָרט?—אויף וועלכען אָרט שטעהען די איינציגע? צעהנדליגער? הונדערטער? טויזענדער?

35. שרייבט־אויף מיט ציפער: טויזענד מיט הונדערט, טויזענד מיט צעהן, טויזענד מיט איינס, דריי טויזענד צוויי הונדערט, דריי טויזענד פיער הונדערט דרייסיג, פינף טויזענד זעקס הונדערט דריי און אכטציג.

36. לייענט־איבער: 9100, 8040, 6005, 8500, 7650, 4871, 4325, 7691, 8354, 10000.

37. שרייבט־איבער אַלע צאָהלען פון 985 ביז 1015, פון 2795 ביז 2820, פון 6990 ביז 7020, פון 8000 ביז 8030

38. שרייבט־אויף אַלע צאָהלען פון 1010 צוריק ביז 980, פון 3520 ביז 3490, פון 9015 ביז 8985, פון 7010 ביז 6980.

---

# III.

## אַלע פיער האַנדלונגען.

---

### חבור.

39. אין דער שול זענען געווען 212 תלמידים און 5 לעהרער. וויפיעל מענשען זענען געווען אין דער שול?

**40.** בײַם עפֿענען אַ נײַע שול האָט דער לעהרער בעצאָהלט לויט רעכֿענונג 325 רובל פֿאַר דאָס מעבעל און 5 רובל פֿאַר'ן ברײַנ־נען. וויפֿיעל געלד האָט דער לעהרער בסך־הכּל בעצאָהלט?

**41.** אַ סוחר האָט בעצאָהלט פֿאַר אַ טראַנספּאָרט סחורה 505 רובל, און ווען ער האָט די סחורה פֿערקויפֿט, האָט ער פֿערדיענט 9 רובל. וויפֿיעל האָט דער סוחר אָבגעלעזט פֿאַר דער סחורה?

**42.** איינער האָט געלייענט אַ בוך, האָט ער איבער שבת אי־בערגעלייענט 394 זײַטען, און זונטאָג—די איבעריגע 7 זײַטען. וויפֿיעל זײַטען האָט געהאַלטען דאָס בוך?

**43.** אַ קינד איז געבוירען געוואָרען אין יאָהר 1900. אין וועל־כֿען יאָהר איז עס אַלט געוואָרען 7 יאָהר?

**44.** אַ שרײַבער האָט אָנגעהויבען שרײַבען אַ בוך אין יאָהר 1902 און האָט עס געשריבען גאַנצע 3 יאָהר. אין וועלכֿען יאָהר איז דאָס בוך געענדיגט געוואָרען?

**45.** עס איז דאָ אַ תּנ"ך, וואָס ענטהאַלט 1384 זײַטען, אויסער 2 פֿאָדער־בלעטער, צו 2 זײַטען יעדערעס. וויפֿיעל זײַטען ענטהאַלט דער תּנ"ך צוזאַמען מיט די פֿאָדער־בלעטער?

**46.** אַ יונגעל איז אָנגעקומען אין שול אין יאָהר 1898 און האָט דאָרט געלערנט 7 יאָהר, ביז ער האָט געענדיגט. אין וועלכֿען יאָהר האָט דאָס יונגעל געענדיגט די שול?

**47.** אין איין קלאַס פֿון אַ שול זענען געווען 35 תּלמידים, און אין צווייטען—42. וויפֿיעל תּלמידים זענען געווען אין דער שול בסך־הכּל?

**48.** אַ רעכֿען־בוך קאָסט 55 קאָפּיקעס, און אַ העברעאיש לע־זע־בוך קאָסט מיט 15 קאָפּיקעס טײַערער. וויפֿיעל קאָסט אַ העברעאיש לעזע־בוך?

**49.** אין אַ העפֿט זענען דאָ 36 זײַטלעך, און אין דעם רעכֿען־בוך — מיט 58 זײַטלעך מעהר. וויפֿיעל זייטען זענען דאָ אין רעכֿען־בוך?

**50.** אין אַ שול זענען געווען 78 מיידלעך און 65 יונגלעך. וויפֿיעל קינדער זענען געווען אין דער שול?

**51.** דער מענש האָט אין די הענד 68 ביינער, און אין די פיס—64 ביינער. וויפיעל ביינער האָט דער מענש אין די פיס און אין די הענד צוזאַמען?

**52.** אין פעלד האָבען זיך געפּאַשעט 125 קעלבער און 55 קיה. וויפיעל בהמות האָבען זיך געפּאַשעט אין פעלד?

**53.** אַ סוחר האָט געלעזט דאָנערשטאָג 419 רובל, און פרייטאָג—65 רובל. וויפיעל רובל האָט דער סוחר געלעזט איןביידע טעג?

**54.** אין אַ שול-ביבליאָטעק זענען געוועזען 184 לעזע-ביכער פאַר די קינדער און 39 ביכער פאַר די לעהרער. וויפיעל ביכער זענען אינגאַנצען געוועזען אין דער ביבליאָטעק?

**55.** ווען יעקב אבינו איז אַנטלאָפען פון לבנ'ען, האָט ער געשיקט זיין ברודער עשו'ן אַ מתנה פון זיינע שאָף און רינדער: 200 ציגען, 20 ציגען-באָקען, 200 שעפּסען, 20 באַראַנעס, 30 קעמלען, 40 קיה, 10 אָקסען, 20 אייזלען און 10 מויל-אייזלען. וויפיעל שטיק בהמות האָט יעקב געשיקט עשו'ן?

**56.** די ווייכסעל האַלט די לענג 983 קילאָמעטער, דער טייך רהיין איז מיט 49 קילאָמעטער לענגער. וויפיעל קילאָמעטער האַלט דער טייך רהיין?

**57.** איינער איז געבוירען אין יאָהר 1803 און האָט געלעבט 63 יאָהר. אין וועלכען יאָהר איז ער געשטאָרבען?

**58.** אַ סוחר האָט אָבגעגעבען אין אַ באַנק 1964 רובל און האָט בעקומען 36 רובל פּראָצענט. וויפיעל געלד האָט דער סוחר בעקומען, ווען ער האָט אָבגענומען דעם קאַפּיטאַל מיט'ן פּראָצענט צוזאַמען?

**59.** איין בוך האַלט 376 זייטען, דאָס אַנדערע בוך—429 זייטען. וויפיעל זייטען זענען דאָ אין ביידע ביכער צוזאַמען?

**60.** דורך אַ שטעדטיל איז דורכגעגאַנגען אַ פּאַרטיע סאָלדאַטען, קאַוואַלעריסטען (אויף פערד) זענען געוועזען 2000, און פוס-געהער—1500 מאַן. וויפיעל סאָלדאַטען בסך-הכל זענען דורכגעגאַנגען דורך דאָס שטעדטיל?

**61.** דער ציוניסטישער מנהיג ד"ר טעאָדאָר הערצל איז גע־בוירען אין יאָהר 1860 און האָט געלעבט 44 יאָהר. אין וועלכען יאָהר איז הערצל געשטאָרבען?

**62.** דאָס טיעפסטע אָרט אין אינדישען ים האַלט 4523 מע־טער, און דאָס טיעפסטע אָרט אין אַטלאַנטישען ים איז מיט 2563 מעטער טיעפער, ווי אין אינדישען ים. וויפיעל מעטער האַלט דאָס טיעפסטע אָרט אין אַטלאַנטישען ים?

**63.** דער באַרג מאָן־בלאַן אין פראַנקרייך האַלט 4850 מע־טער די הויך, און דער העכסטער שפּיץ באַרג אויף דער ערד, גאַורי־זאַנקאַר (אין די הימאַלאַיקען) אין אַזיען איז מיט 3990 מעטער הע־כער פון מאָן־בלאַן. ווי הויך איז גאַוריזאַנקאַר?

**64.** אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען דורך קאָלומבוס'ן אין יאָהר 1492, און די ערשטע אייזענבאַהן אין אַמעריקאַ איז אויסגעבויט געוואָרען ערשט מיט 341 יאָהר שפּעטער. אין וועלכען יאָהר איז אויסגעבויט געוואָרען די ערשטע אייזענבאַהן אין אַמעריקאַ?

**65.** איינער איז געפאָהרען פון פעטערבורג קיין וויען דורך וואַרשא, און צוריק פון וויען דורך וואַרשא קיין מאָסקווע. וויפיעל וויאָרסט האָט ער געמאַכט, ווען פון פעטערבורג קיין וואַרשא איז 1044 וויאָרסט, פון וואַרשא ביז וויען—689 וויאָרסט, און פון וואַרשא ביז מאָסקווע—1224 וויאָרסט?

**66.** אין די שולען פון דער וואַרשאָווער יודישער גמינע זענען אין יאָהר 1916 געווען 3192 תלמידים, און אין יאָהר 1915—מיט 1759 תלמידים מעהר. וויפיעל תלמידים זענען געווען אין די גמינע־שולען אין יאָהר 1915?

---

ערעכענען און איבערשרייבען:

**67.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 3+4 | 40+6 | 91+7 | 100+8 |
| 3+7 | 62+5 | 89+6 | 890+9 |
| 6+8 | 84+6 | 95+7 | 795+4 |

**.68**

4591+9 1300+8 407+9 875+5
6995+5 3560+7 498+6 492+8
9994+6 6851+6 999+9 993+7

**.69**

7+35 6+84 30+50 3006+9
59+28 47+23 61+20 4608+7
90+30 20+80 30+57 8997+8
65+40 35+65 34+15 6789+9

**.70**

60+80+40 57+53 52+60
90+34+36 78+62 80+23
13+25+46 83+29 70+95
17+38+45 76+47 71+36

**.71**

208+38 806+94 408+72 310+50
464+19 641+59 719+51 126+60
370+40 902+98 360+40 540+35
684+20 935+65 930+70 255+23

**.72**

9970+30 6400+98 725+95 781+60
1005+75 9065+30 356+58 520+85
4935+65 5020+80 148+97 450+76
1980+40 2710+90 4900+50 861+43
6970+80 4940+60 3520+40 476+34

**.73**

876+900 900+400 90+310
700+635 580+700 170+530
345+689 500+940 420+580
467+798 820+730 70+460
839+798 940+860 490+120
694+749 690+960 740+280

| | | | | |
|---:|---:|---:|---:|---:|
| 11 | | | | |
| 5376 | 3304 | 2103 | 2341 | .74 |
| 1289 | 4304 | 1053 | 3002 | |
| 3335 | 2291 | 5321 | 3013 | |
| 9999 | | | | |

| | | | |
|---:|---:|---:|---:|
| 1800 | 1865 | 1 | .75 |
| 2360 | 847 | 16 | |
| 4567 | 89 | 489 | |
| 1111 | 6 | 1865 | |
| 77 | 77 | 425 | |
| 41 | 458 | 37 | |
| 7 | 2370 | 8 | |

| | | | | |
|---:|---:|---:|---:|---:|
| 1000 | 8170 | 8265 | 4650 | .76 |
| +9000 | +1830 | +1735 | +5350 | |

| | | | |
|---:|---:|---:|---:|
| ר' 2465 ק' 73 | ר' 2465 ק' 83 | רובל 1875 קאפ. 25 | .77 |
| + „ 7534 „ 27 | + „ 6539 „ 62 | + „ 2348 „ 75 | |

| | | | |
|---:|---:|---:|---:|
| מ' 6389 פ' 75 | מ' 3367 פ' 30 | מארק. 4560 פעניג 80 | .78 |
| + „ 2467 „ 46 | + „ 4659 „ 70 | + „ 3649 „ 10 | |

| | | |
|---:|---:|---:|
| קילאגראם 8649 גראם 467 | קילאמעטער 1748 מעטער 465 | .79 |
| „ „ 1245 „ 678 | „ „ 1878 „ 900 | |

## חסור.

**80.** אין שול האָבען געלערנט:

398 קינדער, זענען איינמאָל 5 ניט גקומען. וויפיעל קינדער זענען געקומען?

1000 קינדער, זענען איינמאָל 7 נישט געקומען. וויפיעל קינדער זענען געקומען?

2005 קינדער, זענען איינמאָל 9 נישט געקומען. וויפיעל קינדער זענען געקומען?

**81.** אַ יונגעל, וואָס האָט ליעב געהאַט צו קלויבען קאָלעקציעס, האָט אויפגעקליבען 297 פּאָסט-מאַרקען. וויפיעל פעהלט איהם צו 300?

**82.** אין דער קליין מלוכה׳לע לוקסענבורג, צווישען בעלגיען, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, זענען אין דער צייט פון שלום דאָ 150 סאָלדאַטען, און אין פאַל פון אַ מלחמה קאָנען דאָרט זיין ביז 500 סאָלדאַטען. וויפיעל סאָלדאַטען האָט לוקסענבורג אין זאַפּאַס?

**83.** אַ סוחר האָט געוואָלט שיקען דורך פּאָסט 1000 רובל, האָט ער אַ טעות געהאַט און געגעבען נור 992 רובל. וויפיעל רובל בעדאַרף דער סוחר צולעגען?

**84.** דער יודישער דיכטער י. ל. פּרץ איז געשטאָרבען אין וואַר-שאָ אין יאָהר 1915, אין עלטער פון 64 יאָהר. אין וועלכען יאָהר איז י. ל. פּרץ געבוירען געוואָרען?

**85.** דער גרויסער יודישער הומאָריסט שלום-עליכם איז גע-שטאָרבען אין אַמעריקאַ אין יאָהר 1916, אין עלטער פון 57 יאָהר. אין וועלכען יאָהר איז שלום-עליכם געבוירען געוואָרען?

**86.** דער יודיש-רוסישער דיכטער ש. פרוג איז געשטאָרבען אין אָדעס אין יאָהר 1916, אין עלטער פון 56 יאָהר. ווען איז פרוג גע-בוירען געוואָרען?

**87.** אין יאָהר 1893 זענען אין פוילען געווען אינגאַנצען 2920 שולען, 351 שולען אין די שטעדט און די איבעריגע אין די דערפער. וויפיעל שולען זענען דעמאָלט געווען אין די דערפער?

**88.** דאָס קול גֶעהט־אָב אין דער לופט 350 מעטער אין אַ סעקונדע, און אין װאַסער געהט דאָס קול מיט אַ געשװינדקײט פון 1435 מעטער אין אַ סעקונדע. מיט װיפיעל מעטער אין אַ סעקונדע געהט דאָס קול אָב אין װאַסער גיכער, װי אין דער לופט?

**89.** די מלחמה צװישען רוסלאַנד און יאַפּאַן האָט זיך אָנגעהױבען אין יאָהר 1904, און די אײראָפּעאישע מלחמה צװישען דײטשלאַנד, עסטרײך, טערקײ און בולגאַריען מיט רוסלאַנד, פראַנקרײך, ענגלאַנד, איטאַליען און אַנדערע האָט זיך אָנגעהױבען אין יאָהר 1914. װי לאַנג האָט געדױערט פון דער ערשטער מלחמה ביז דער לעצטער?

**90** דער טעלעפאָן איז ערפונדען געװאָרען נישט לאַנג, אין יאָהר 1876, די בוכדרוקערײ האָט גוטענבערג ערפונדען אין יאָהר 1440. װיפיעל יאָהר איז אַריבער פון דער ערפינדונג פון בוכדרוקערײ, ביז עס איז ערפונדען געװאָרען דער טעלעפאָן?

**91.** אין אַ ביבליאָטעק זענען געװען 4,365 יודישע ביכער, און העברעאישע—מיט 1876 װעניגער. װיפיעל העברעאישע ביכער זענען געװען אין דער הױזיגער ביבליאָטעק און װיפיעל זענען געװען אין דער ביבליאָטעק העברעאישע מיט יודישע צוזאַמען?

**92.** אין אַלע שולען פונ'ם ציוניסטישען קוראַטאָריום אין װאַרשאָ זענען אין יאָהר 1917 געװען 3080 קינדער, פון זײ: אין די פאָלקס־שולען—2130 קינדער, און די איבעריגע — אין די הײמען און װאַרשטאַטען. װיפיעל קינדער זענען אין דעם יאָהר געװען אין די הײמען און װאַרשטאַטען פון װאַרשאָװער ציוניסטישען קוראַטאָריום?

**93.** אין יאָהר 1900 זענען דורכ'ן אַנטװערפענער פּאָרט דורכגעגאַנגען יודישע עמיגראַנטען קײן אַמעריקאַ 7478 נפשות. צװישען זײ זענען געװען 5553 דערװאַקסענע, און די איבעריגע—קינדער. װיפיעל קינדער זענען אין יענעם יאָהר געפאָהרען קײן אַמעריקאַ דורך אַנטװערפּען?

**94.** אין יאָהר 1798 האָט דער ענגלישער דאָקטאָר דזשענער ערפונדען דאָס מיטעל „שטעלען פּאָקען", כדי מען זאָל נישט קראַנק װערען אויף אמת'ע פּאָקען. װיפיעל יאָהר איז אַריבער פון דעמאָלט ביז הײנט?

**95.** אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד צוזאַמען מיט פּוילען זענען אין יאָהר 1900 געווען 2771 שטעדט. אין פּוילען זענען דאָ 450 שטעדט. וויפיעל שטעדט זענען דאָ אין אייראָפּעאישען רוסלאַנד אַחוץ פּוילען?

**96.** אין גאַנץ סערביען רעכענען זיך 5729 יודען, און אין פּוילען, אין איין קרייז מלאַווא, פּלאָצקער גובערניע, זענען אין יאָהר 1897 געווען 8000 יודען. מיט וויפיעל יודען איז אין מלאַווער קרייז דאָ מעהר, ווי אין גאַנץ סערביען?

**97.** פון וואַרשאָ ביז ביאַליסטאָק איז 162 וויאָרסט, ביז גראָד-נאָ—240 וויאָרסט, ביז ווילנא—387 וויאָרסט, ביז פּעטערבורג—1044 וויאָרסט. ווי וויַיט איז פון ביאַליסטאָק ביז גראָדנאָ? פון גראָדנאָ ביז ווילנא? פון ווילנא ביז פּעטערבורג?

בערעכענען און איבערשרייַבען:

**98.**

| | | |
|---|---|---|
| 1003—9 | 100— 9 | 8—5 |
| 1506—5 | 174— 8 | 10—7 |
| 3467—6 | 193—17 | 14—8 |
| 3900—3 | 320— 6 | 67—7 |
| 10000—7 | 800— 5 | 79—5 |
| | 1000— 8 | 80—7 |

**99.**

| | | |
|---|---|---|
| 98+?=105 | 377+?=380 | 7+?=10 |
| 396+?=404 | 996+?=1000 | 43+?=50 |
| 7998+?=8007 | 9997+?=10000 | 96+?=100 |

**100.**

| | | |
|---|---|---|
| 150—60—80 | 110—47 | 115—70 |
| 170—80—54 | 150—72 | 108—58 |
| 100—46—28 | 113—29 | 174—94 |
| 120—84—18 | 143—65 | 106—61 |

**101.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 10000—55 | 1040—80 | 3500—80 | 3670—70 |
| 9865—97 | 1035—65 | 7000—50 | 1870—50 |
| 7687—99 | 3050—80 | 10000—40 | 9100—40 |

102.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1097—65 | 403—75 | 657—93 | 564—89 |
| 3054—70 | 1006—83 | 857—91 | 642—69 |
| 6077—80 | 4505—67 | 8425—92 | 1857—79 |
| 9093—55 | 8703—45 | 9000—94 | 3478—99 |

103.

| | | |
|---|---|---|
| 9000—2500 | 240—160 | 700—640 |
| 10000—4700 | 710—340 | 900—570 |
| 4500—3800 | 1040—560 | 1000— 89 |

8640—3435
9475—2385
6734—4824

104.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 9646 | 6654 | 4316 | 7592 | 4875 |
| —1978 | —3789 | —2278 | —5438 | —3642 |

105.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 10000 | 9302 | 9500 | 7860 | 8640 |
| —7839 | —8216 | —7647 | —4912 | —3709 |

106.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 6000 | 8000 | 4000 | 7000 | 1000 |
| —4057 | —4507 | —2436 | —485 | —650 |

107.

| | | |
|---|---|---|
| 77 ק׳ 7361 ר׳ | — ק׳ 3725 ר׳ | 62 ק׳ 8400 רובל |
| 99 „ 5678 „ | 50 „ 1846 „ | 50 „ 4200 „ |

108.

| | | |
|---|---|---|
| — פ׳ 9000 מ׳ | 50 פ׳ 8965 מ׳ | 18 פעניג 1465 מארק |
| 99 „ 8999 „ | 50 „ 7876 „ | 19 „ 674 „ |

109.

| | |
|---|---|
| 465 מעט׳ 8698 קילאמעט׳ | 98 מעטער 765 קילאמעטער |
| 376 „ 6989 „ | 50 „ 476 „ |

**110.** 567 מעטער 4679 קילאָמעטער | 321 גראַם 5365 קילאָגראַם
635 „ 3499 „ | 434 „ 4876 „

# כֵּפֶל.

**א) מיט אַנ׳איינציפערדיגען כפל׳ער.**

**111.** זעה, וויפיעל זייטען זענען דאָ אין דיין רעכען-בוך; וויפיעל זייטען זענען דאָ אין 5 אַזוינע ביכער?

**112.** אין אַ קעסטעלע שוועבעלעך זענען דאָ פון 55 ביז 65 שטיק. וויפיעל שטיק זענען דאָ אין 6 קעסטלעך צו 58 שטיק אין יעדערן?
„ „ „ 8 „ 59 „ „ ?
„ „ „ 9 „ 64 „ „ ?

**113.** אַ פוינעלע האָט אויפגעגעסען איבער׳ן טאָג 68 ווערימלעך. וויפיעל ווערימלעך קאָן עס אויפעסען אין זיעבען טעג?

**114.** אַ זייד-וואָרים קאָן אויסשפינען אַ זייד ביז 900 מעטער די לענג. ווי לאַנג וועט זיין דער זייד, וואָס 9 ווערים וועלען אויסשפינען, אויב יעדערער וועט אויסשפינען 645 מעטער? אויב יעדערער וועט אויסשפינען 557 מעטער? אויב יעדערער וועט אויסשפינען 768 מעטער?

**115.** ווי וויַיט איז אָבגעפלויגען אַ קויל אין 4 סעקונדען, אויב אין 1 סעקונדע געהט זי דורך 728 מעטער?

**116.** אַ וועכענטליכע צייטונג איז געדרוקט געוואָרען אין 4375 עקזעמפלאַרען. וויפיעל עקזעמפלאַרען איז געדרוקט געוואָרען אין אַ חודש?

**117.** אויף איינער אַ גרויסער אייזענבאַהן-סטאַציע האָט מען איינמאָל פערקויפט אין איין טאָג 1237 בילעטען. וויפיעל בילעטען וואָלטען פערקויפט געוואָרען אין 7 טעג, ווען יעדען טאָג וואָלט מען פערקויפט אַזאַ צאָהל בילעטען?

**118.** אַ פערד, לויפענדיג, געהט-אָב אין אַ פערטיל שעה 3 קילאָמעטער מיט 900 מעטער. וואָס פאַר אַ שטרעקע קאָן אָבלויפען אַ פערד אין אַ שעה?

**119.** פֿון איראָפּא ביז צפֿון־אַמעריקאַ איז אין אײן אָרט דער ים 1050 מײַל ברײט. װיפֿיעל מײַל איז דורכגעפֿאָהרען אַ יוד, װאָס איז צװײ מאָל געפֿאָהרען קײַן אַמעריקאַ און בײדע מאָל געקומען צוריק?

**120.** פֿון 1 קילאָגראַם קאָרענע מעהל באַקט זיך אויס 1 קילאָ־גראַם מיט 300 גראַם ראַזאָװע ברויט. װיפֿיעל קילאָגראַם קימעל־ברויט פֿון 5 קילאָגראַם מעהל? פֿון 7 קילאָגראַם? פֿון 9 קילאָגראַם?

---

בערעכענען:

**121.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 763×9 | 496×6 | 406×2 | 432×2 |
| 847×9 | 572×7 | 635×3 | 213×3 |
| 963×9 | 654×8 | 960×5 | 102×4 |

**122.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1675×4 | 2345×2 | 2125×3 | 1843×2 |
| 1899×5 | 3267×3 | 2326×3 | 2342×2 |
| 1188×8 | 1289×4 | 1337×3 | 3343×2 |

**123.**

25 ק· 1845 רובל
× 5

576 מעט· 3476 קילאָמעטער
× 2

47 ק· 2345 רובל
× 3

278 מעט· 1476 קילאָמעטער
× 3

57 ק· 4258 רובל
× 2

189 מעט· 4835 קילאָמעט·
× 2

(דער כפֿל׳ער בעשטעהט פֿון רײנע צעהנדליגער.

**124.** אין אַ חודש רעכענט זיך 30 טעג. װיפֿיעל טעג זענען דאָ 10 חדשים? אין 30 חדשים?

**125.** וויפיעל שעה איז דאָ אין 10 מעת־לעת? אין 20 מעת־לעת? אין 30 מעת־לעת?

**126.** וויפיעל רובל איז דאָ אין 20 פופציג־רובל'דינע? אין 30 הונדערטער? אין 10 פינף־הונדערטער?

**127.** וויפיעל קאָסט איינער רעכען־בוך? וויפיעל קאָסטען 50 אזוינע רעכען־ביכער? וויפיעל קאָסטען 70 רעכען־ביכער?

**128.** אין קאספישען ים חאַפּט מען פיש, מען זאַלצט זיי און מען שיקט אַוועק פערקויפען. אויף איין פוד פיש נעהט אַוועק 15 פונט זאַלץ. וויפיעל זאַלץ נעהט אַוועק אויף 80 פוד פיש?

**129.** אין רוסלאַנד טרייבען די פויערים פעך (סמאָלע) אויף צווייי אופנים: אין גריבער און אין קעסלען. אין קעסלען לוינט בעסער, ווייל פון אַ פאַרטיע האָלץ פון 100 פוד אין אַ גרוב קומט־אַרוים 500 פונט פעך, און אין אַ קעסעל קומט־אַרוים 1110 פונט פעך. וויפיעל פונט פעך קומט־אַרוים פון 10 אַזוינע פאַרטיעס האָלץ אין אַ גרוב? פון 5 פאַרטיעס האָלץ אין אַ קעסעל?

**130.** נענער עסען באַנאַנעס אָנשטאָט ברויט. באַנאַנעס וואַקסען גאַנצע בינטלעך. אין איין בינטעל באַנאַנעס זענען איינמאָל געווען 317 פרוכטען. וויפיעל באַנאַנעס קאָנען זיין אין 40 אַזוינע בינטלעך?

---

בערעכענען:

**131.** (טאָפּלען אויף 10 קאָן מען פונקט ווי אויף צווייאנדערער צאָהל פון ערשטען צעהנדליג. למשל: 23×10 טאָפּלען מיר אזוי: 10 מאָל 3 איז 30, שרייבען מיר 0 נול און 3 צעהנדליג האַלטען מיר; 10 מאָל 2 איז 20, און 3 איז 23, שרייבען מיר נאָך נול 23, קומט.אוים: 230).

| | | | |
|---|---|---|---|
| 14×10 | 357×10 | 12×10 | 3×10 |
| 15×10 | 266×10 | 18×10 | 5×10 |
| 15×20 | 111×10 | 28×10 | 8×10 |

**132.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 56×40 | 89×50 | 34×20 | 48×10 |
| 87×60 | 73×90 | 58×30 | 256×10 |
| 99×80 | 96×70 | 65×40 | 1000×10 |

**.133** $275 \times 20$ $147 \times 40$ $247 \times 30$ $769 \times 10$
$345 \times 20$ $189 \times 50$ $570 \times 10$ $111 \times 90$

---

ב) צפל מיט אַ מעהר-פּיפערדיגען כפל'ער.

**.134** אַ הירש, וואָס לויפט-אָב אין איין סעקונדע 8 מעטער, וויפיעל מעטער וועט ער אָבלויפען אין 65 סעקונדען?

**.135** דער שנעלסטער טײַך געהט-אָב 4 מעטער אין אַ סעקונדע. וויפיעל מעטער קאָן אַ טײַך אָבגעהן אין 2 מינוט?

**.136** אַ האָז, ווען מען יאָגט איהם, לויפט ער אָב ביז 17 מעטער אין אַ סעקונדע. וויפיעל וויאָרסט קאָן אַ האָז אָבלויפען אין אַ פערטיל מינוט?

**.137** וויפיעל מינוט זענען דאָ אין אַ מעת-לעת? וויפיעל סע-קונדען זענען דאָ אין אַ שעה?

**.138** אַן'אָדלער פליהט-אָב ביז 32 מעטער אין אַ סעקונדע, וויפיעל מעטער פליהט-אָב אַן'אָדלער אין 3 פערטיל מינוט?

**.139** די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון מיט אַ געשווינדקייט פון 29 קילאָמעטער מיט 500 מעטער אין אַ סעקונדע. ווי גרויס איז דער וועג, וואָס די ערד מאַכט-דורך אין אַ מינוט?

**.140** וויפיעל זייטען זענען דאָ אין אַ העפט? וויפיעל זייטען זענען דאָ אין 75 העפטען?

**.141** אין איין טראַמוויי-וואַגאָן זענען דאָ 24 זיצענדיגע פלע-צער. וויפיעל פלעצער זענען דאָ אין 24 אַזוינע וואַגאָנעם?

**.142** אין וואַרשא קאָסט זעהר טײַער דירה-געלד; פאַר 5 צי-מערן, וואָס עס פערנעהמט אַן'אָנפאַנגס-שול, צאָהלט מען 75 רובל אַ חודש דירה-געלד. וויפיעל דירה-געלד צאָהלט מען פאַר דער שול אַ גאַנץ יאָהר?

**.143** אַ קאָלאָניאַל-סוחר האָט געקויפט 96 פוד צוקער צו 15 קאָפּ. אַ פונט, האָט ער גענומען 12 פופצינ-רובל'דיגע. וויפיעל האָט ער בעקומען רעשט?

**144.** אַ שניט־סוחר האָט געקויפט 43 שטיק טוך צו 48 אַרשין אין יעדען שטיק, לויט'ן פרייז 3 רובל אַן'אַרשין; די גאַנצע סחורה האָט ער פֿערקויפט פֿאַר 7000 רובל. וויפֿיעל האָט דער סוחר פֿערדיענט?

בערעכֿענען:

**145.**

| | | |
|---|---|---|
| 2×34 | 8×76 | 8×86==86×8 |
| 3×83 | 8×45 | 9×76 |
| 4×98 | 5×94 | 7×97 |

**146.**

| | | |
|---|---|---|
| 28×70 | 8×675 | 2×684=684×2 |
| 35×40 | 6×319 | 4×864 |
| 56×90 | 7×496 | 9×716 |

**147.**

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 85×30 | 56×10 | 87×40 | 68×20 | 76×30 |
| 85× 4 | 56× 4 | 87× 6 | 68× 3 | 76× 7 |
| 85×34 | 56×14 | 87×46 | 68×23 | 76×37 |

**148.**

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 65×50 | 63×10 | 35×20 | 76×10 | 47×30 |
| 65× 8 | 63× 6 | 35× 4 | 76× 4 | 47× 6 |
| 65×58 | 63×16 | 35×24 | 76×14 | 47×36 |

**149.**

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 54 | 76 | 96 | 35 | 93 | 98 |
| ×72 | ×85 | ×48 | ×15 | ×18 | ×17 |
| | | 768 | | | 686 |
| | | 384 | | | 98 |
| | | 4608 | | | 1666 |

**150.**

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 64 | 96 | 75 | 85 | 63 | 87 |
| ×98 | ×96 | ×56 | ×58 | ×98 | ×79 |

.151   $150 \times 25$   $285 \times 15$   $377 \times 16$   $289 \times 26$   $435 \times 23$

.152   $766 \times 11$   $345 \times 22$   $236 \times 37$   $159 \times 43$   $179 \times 39$

.153   82 ק׳ 184 ר׳ $\times 25$   58 פעג. 23 מארק $\times 31$   45 מעט. 345 קילאָמעט. $\times 17$

---

# חָלוּק.

ג) מִיט אַן׳איינציפערדיגען טיילער.

**154.** אַ סוחר, איידער ער האָט פֿערמאַכט דאָס געשעפֿט, האָט „געמאַכט קאַסע“, דאָס הייסט, ער האָט בערעכֿענט, וויפֿיעל געלד עס דאַרף זיַין אין קאַסע, און ער האָט אָבגעצעהלט, צי עס איז דאָ ריכ־טיג. דערצו האָט ער אויסגעלעגט בעזונדער דאָס פּאַפּיר־געלד, בעזונדער דאָס גאָלד, בעזונדער דאָס זילבער און אויך דאָס קופּער בעזונדער. בכך־הכל איז געווען אין קאַסע 1890 רובל, אַזוי: איין דריטעל—פּאַ־פּיר־געלד, איין זיעבטעל—גאָלד, איין ניַינטעל—זילבער, און דער רעשט—קופּער. בערעכֿענט, וויפיעל איז געווען אין קאַסע פּאַפּיר, וויפֿיעל גאָלד, וויפֿיעל זילבער און וויפיעל—קופּער?

**155.** אַ סוחר האָט פֿערקויפֿט אַ טראַנספּאָרט צוקער פֿון 385 פּוד צו 6 רובל אַ פּוד; פֿאַר אַ דריטעל פֿון דעם געלעזטען געלד האָט דער סוחר געקויפֿט קאַווע, פֿאַר אַ פֿינפֿטעל — טהיי. וויפֿיעל געלד איז געבליבען ביַים סוחר במזומנים?

**156.** צוויי יונגלעך האָבען געשפּיעלט אין ניס. זאָגט איינער: ריעט, וויפֿיעל ניס איך האָב, אַז ווען איך זאָל האָבען נאָך 50 ניס, וואָלט איך האָבען 3 מאָל אַזוי פיעל, ווי איך האָב איצט. וויפֿיעל ניס האָט דאָס יונגעל געהאַט?

**157.** אין אַ משא־צוג פֿון 8 וואַגאָנעס האָט מען געפֿיהרט 7856 פּוד שטיינקויהלען. וויפֿיעל פּוד שטיינקויהלען איז אויסגעקומען אויף איין וואַגאָן?

**158.** אין אַ פֿאַבריק פֿון העפֿטען האָט מען פֿאַבריצירט 3 סאָרטען העפֿטען: צו 8 בויגען אַ העפֿט, צו 6 בויגען און צו 4 בויגען.
וויפֿיעל העפֿטען צו 4 בויגען זענען געוועזען פֿון 7996 בויגען?
„ „ „ 6 „ „ „ 8664 „ ?
„ „ „ 8 „ „ „ 10000 „ ?

**159.** אַ פּאַרטיע סאָלדאַטען איז אָבגעגאַנגען אין איין שעה 4 קילאָמעטער מיט 800 מעטער. וויפֿיעל זענען די סאָלדאַטען אָבגעגאַנגען אין אַ דריטעל שעה? אין אַ פֿינפֿטעל שעה?

---

בערעכֿענען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| **160.** | 6842 : 2 | 5498 : 2 | 5412 : 4 | 7256 : 8 |
| | 9636 : 3 | 8965 : 5 | 3732 : 6 | 4536 : 9 |
| | 8488 : 4 | 7362 : 3 | 6524 : 7 | 8412 : 6 |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| **161.** | 1890 : 2 | 2340 : 3 | 1092 : 4 | 3645 : 5 |
| | 1890 : 3 | 2340 : 4 | 1092 : 7 | 9999 : 9 |
| | 1890 : 5 | 2340 : 6 | 1092 : 3 | 10000 : 8 |

---

**ב) מיט אַ מעהר־ציפֿערדיגען טיילער.**

**162.** איינער האָט בעצאָהלט 750 רובל פֿאַר 10 חדשים דירה־געלד. וויפֿיעל האָט ער געצאָהלט פֿאַר אַ חודש?

**163.** אַ לעהרער האָט געקויפֿט 10 חומשים, האָט ער דערפֿאַר בעצאָהלט 5 רובל מיט 50 קאָפּיקעס. וויפֿיעל קאָסט איין חומש?

**164.** אַ משא־צוג נעהמט־אָב אין 10 מינוט 7 קילאָמעטער מיט 200 מעטער. וויפֿיעל נעהמט־אָב אַ משא־צוג אין 1 מינוט?

**165.** אין אַ פֿאַבריק האָט מען אויסגעצאָהלט די אַרבייטער

האָבער אַזוי: 80 יונגלעך האָבען בעקומען 320 רובל פאַר דער וואָך 90 אַרבייטאָרינס—540 רובל, 10 עלטערע אַרבייטער—140 רובל, און 20 יונגערע אַרבייטער—220 רובל פֿאַר דער וואָך. וויפיעל געלד האָט פֿערדיענט אַ וואָך יעדעס יונגעל, יעדערע אַרבייטאָרין, יעדער דער־וואַקסענער אַרבייטער און יעדער יונגערער אַרבייטער?

**166.** די לבנה דרעהט זיך אַרום דער ערד מיט אַ געשווינדקייט פֿון 60 קילאָמעטער אין אַ מינוט. ווי לאַנג דויערט ביי דער לבנה אָפּ־צוגעהן 3540 קילאָמעטער?

**167.** פֿון וואַרשא ביז פעטערבורג איז כמעט 1050 וויאָרסט. ווי לאַנג דאַרף דויערן די רייזע פֿון וואַרשא קיין פעטערבורג, אַז מען זאָל פֿאָהרען מיט אַ שנעל־צוג מיט אַ געשווינדקייט פֿון 50 וויאָרסט אַ שעה?

**168.** 79 אַרבייטער האָבען בעקומען פֿאַר 15 טעג אַרבייט 1007 רובל מיט 25 קאָפּ. וויפיעל האָט יעדער אַרבייטער בעקומען פֿאַר אַ טאָג?

**169.** די לענג פֿון דער וואָלגאַ איז 3000 וויאָרסט, און די נעוואַ האַלט די לענג אַ פֿופֿצינסטעל פֿון דער וואָלגאַ. וויפֿיעל וויאָרסט האַלט די נעוואַ?

**170.** אין אַ פֿערטיל שעה געהט־אָב אַ פֿערד מיט משא 750 מעטער, אַ פֿערד, לויפֿענדיג—3 קילאָמעטער, אַ זעגל־שיף—7 קילאָמע־טער מיט 500 מעטער, און אַ שיף אויף פּאַרע—9 קילאָמעטער. ווי־פֿיעל געהט־אָב אין אַ מינוט אַ פֿערד מיט משא? אַ פֿערד, לויפֿענדיג? אַ זעגעל־שיף? און אַ שיף אויף פּאַרע?

**171.** אַ פֿאָטער האָט אויסגענומען מיט'ן זוהן אַזאַ תנאי: ווי־פיעל אויפֿגאַבען דער זוהן וועט מאַכען פֿון די ערשטע 40 פֿון רעכען־בוך, אַזוי פֿיעל 3־קאָפּיקענע וועט ער בעקומען; אָבער פֿאַר יעדער אויפֿ־גאַבע, וואָס ער וועט נישט מאַכען, זאָל ער געבען דעם פֿאָטער 5 קאָפּי־קעס. לסוף האָבען זיי איינער דעם צווייטען גאָרנישט בעדאַרפֿט געבען. וויפיעל אויפֿגאַבען האָט דער זוהן געמאַכט?

**172.** פֿאַר איינבינדען 67 ביכער האָט אַ ביבליאָטעק בעצאָהלט

72 קאָפּ. 10 רובל. וויפיעל וואָלט זי גערארפט בעצאָהלען פאַר 104 אַזוינע ביכער?

**173.** אַ צוג איז דורכגעגאַנגען 684 וויאָרסט אין 18 שעה׳ וויפיעל דאַרף דויערן, אַז דערזעלבער צוג זאָל דורכגעהן 2546 וויאָרסט?

**174.** אין אַ פאַבריק פון מעסער האָט מען אַ „גראָס“ מעסער (144 שטיק) פערפאַקט אין 12 פעקלעך. וויפיעל אַזוינע פעקלעך וועלען זיין פון 7272 מעסער?

**175.** וויפיעל פודען איז דאָ אין 6840 פונט?

**176.** וויפיעל פונט איז דאָ אין 3840 לויט?

**177.** וויפיעל אַרשין איז דאָ אין 3392 ווערשקעס?

בערעכענען:

**178.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1980 : 10 | 2420 : 10 | 7290 : 10 | 1961 : 10 |
| 8370 : 10 | 5760 : 10 | 6740 : 10 | 1963 : 10 |
| 3260 : 10 | 6550 : 10 | 1960 : 10 | 1965 : 10 |

**179.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 300 : 100 | 7000 : 100 | 1800 : 100 | 1842 : 100 |
| 500 : 100 | 9000 : 100 | 1802 : 100 | 6230 : 100 |
| 6800 : 100 | 10000 : 100 | 1840 : 100 | 5357 : 100 |

**180.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 360 : 30 | 720 : 80 | 7260 : 30 | 8400 : 70 |
| 240 : 40 | 720 : 90 | 1440 : 30 | 7470 : 90 |
| 240 : 60 | 640 : 20 | 7000 : 40 | 9650 : 50 |

**181.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1845 : 15 | 2875 : 23 | 7581 : 21 | 2352 : 42 |
| 2088 : 18 | 8695 : 19 | 7449 : 39 | 3155 : 35 |
| 1984 : 16 | 8866 : 31 | 5734 : 61 | 6399 : 79 |

**182.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 8383 : 83 | 9405 : 45 | 3672 : 18 | 940 : 47 |
| 5304 : 26 | 4536 : 42 | 8442 : 21 | 4450 : 89 |
| 3852 : 36 | 2010 : 10 | 6946 : 23 | 3880 : 97 |

**183.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1001 : 13 | 3003 : 13 | 5005 : 11 | 1001 : 7 |
| 8008 : 7 | 4004 : 7 | 2002 : 7 | 2475 : 11 |
| 6006 : 11 | 7007 : 13 | 8008 : 11 | 2025 : 45 |

**184.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| 9680 : 10 | 3640 : 20 | 3155 : 35 | 111 : 3 |
| 10000 : 10 | 8955 : 50 | 5734 : 61 | 1111 : 11 |
| 7800 : 100 | 9645 : 15 | 4060 : 20 | 3726 : 27 |
| 6457 : 100 | 8695 : 19 | 8284 : 76 | 10000 : 25 |

**185.**

| | |
|---|---|
| 4 קילאָגראַם 500 גר. : 50 | 320 רובל : 10 רובל |
| 9 ״ — ״ : 60 | 1700 ״ : 100 ״ |
| 8 ״ 400 ״ : 70 | 9000 ״ : 500 ״ |

**186.**

| | |
|---|---|
| 7850 מאַרק 75 פעניג : 25 | 6141 מאַרק 25 פעניג : 25 |
| 40 ״ ״ : 50 | 58 ״ 50 ״ : ״ |
| 80 ״ ״ : 100 | 9050 מאַרק : 10 מאַרק |

---

## אַלע פיער האַנדלונגען ביז 1000.

**187.** דער לעדערער האָט געקויפט פאַר דער שול 135 העבּ־רעאישע ביכער צו 75 קאָפּ. און 124 יודישע ביכער צו 50 קאָפּ. מיט וויפיעל קאָסטען די העברעאישע ביכער טייערער פון די יודישע און וויפיעל האָט דער לעדערער איינגאַנצען אויסגעגעבען געלד?

**188.** זייף קויפט מען אויף „שטיין" (אַ שטיין איז 32 פונט). אַ סוחר האָט געקויפט 2 קאַסטענס זייף, איינעם פון 12 שטיין און דעם צווייטען פון 18 שטיין, און האָט בעצאָהלט פאַר'ן גאַנצען טראַנספּאָרט 20 קאָפּ. 115 רובל. וויפיעל קאָסט אַ פונט זייף?

**189.** אַ רייכע בעל־הבית'טע האָט געקויפט אויף פסח 25 פונט ניס פאַר 3,75 רובל. וויפיעל דאַרף קאָסטען אַ פונד אַזוינע ניס?

**190.** אין אַ בוך זענען געווען 288 זייטען מיט 28 שורות

אויף יעדער זייט. וויפיעל זייטען וואלט האבען דאס בוך, ווען עס וואלט געווען געדרוקט צו 32 שורות אין א זייט?

**191.** די שטאדט שעדליץ איז ווייט פון ווארשא 84 ווערסט; ראדאם איז מיט א זיעבטעל ווייטער ווי שעדליץ, פלאצק איז מיט 20 ווערסט ווייטער ווי ראדאם, פיעטראקאוו — מיט 20 ווערסט ווייטער ווי פלאצק, לאמזשא — מיט 60 ווערסט ווייטער ווי פיעטראקאוו, לובלין — מיט 9 ווערסט ווייטער ווי לאמזשא, קיעלץ — צוויי מאל אזוי ווייט ווי שעדליץ, צום ווייטסטען זענען קאליש און סובאלק: פון קאליש ביז ווארשא איז מיט 37 ווערסט מעהר ווי טאפעל ווי פון ראדאם קיין ווארשא, און סובאלק איז מיט 15 ווערסט ווייטער ווי דריי מאל פון שעדליץ קיין ווארשא. ווי ווייט איז פון יעדער פון די אלע שטעדט קיין ווארשא?

**192.** א יונגעל האט געהאט 72 ניס, האט ער פערשפיעלט צוויי נייענטלעך פון די ניס. וויפיעל ניס איז דעם יונגעל געבליבען?

**193.** א רב האט בעקומען 2400 רובל שכירות א יאהר. דריי אכטעל פון די שכירות נעהט איהם אוועק אויף עסען, פינף זעכצעהנטעל — אויף דירה־געלד, זיעבען אכט־און־פערציגטלעך — אויף צדקה, דאס איבעריגע בלייבט איהם. וויפיעל געלד נעהט אוועק דעם רב אויף עסען, וויפיעל אויף דירה־געלד, וויפיעל גיט ער צדקה און וויפיעל געלד בלייבט איהם איבער א יאהר?

**194.** א יונגעל האט נעפרעגט דעם טאטען, וויפיעל קאסט א פונט טהיי. האט דער טאטע געענטפערט, אז 344 פונט טהיי קאסטען אזוי פיעל, ווי 126 פוד צוקער, וואס קאסטען צו 6 רובל א פוד, און נאך 104 רובל. וויפיעל קאסט א פונט טהיי?

**195.** א מיידעל האט איבערגעלייענט א דריטעל ביכעל איבער'ן שבת'דיגען טאג און ס'איז איהר נאך געבליבען צו לייענען 80 זייטלעך. וויפיעל זייטען זענען געווען אין ביכעל?

**196.** אנ'איינבינדער האט בעקומען פון א ביבליאטעק ביכער איינצובינדען. האט ער אין א חודש איינגעבונדען זיעבען פופצעהנטעל, איז איהם נאך געבליבען 648 ביכער איינצובינדען. וויפיעל ביכער האט דער איינבינדער אינגאנצען בעקומען?

**197.** צוויי קינדער האָבען זיך אויפגעלעגט און געקויפט העפ־טען פאַר 40 קאָפּיקעס. איינס האָט גענומען 5 העפטען און דאָס צוויי־טע נור 3 העפטען, ווייל עס האָט געגעבען וועניגער געלד. וויפיעל געלד האָט יעדעס קינד געגעבען אויף די העפטען?

**198.** אַמאָל פלעגט מען דרעשען תבואה מיט די הענד. עס פלעגט לאַנג דויערן און מען פלעגט בעדאַרפען אַ סך מענשען דערצו. היינט זענען דאָ דרעש־מאַשינען אויף פאַרע. איינמאָל האָט אַזאַ דרעש־מאַשין געאַרבייט 6 שעה אין טאָג, און דעם אַנדערן טאָג—8 שעה, האָט זי דעם אַנדערן טאָג אויסגעדראָשען מיט 1150 בינטלעך מעהר, ווי אינ'ם ערשטען טאָג. וויפיעל בינטלעך האָט די מאַשין אויסגעדראָ־שען יעדען טאָג?

**199.** אין 3 וועלדלעך זענען געווען 9806 בוימער. ווען מען וואָלט אויסגעהאַקט פון איין וואַלד 165 בוימער, פון אַנדערן 506 בוי־מער, וואָלט אין אַלע וועלדלעך געווען אַ גלייכע צאָהל בוימער. וויפיעל בוימער זענען געווען אין יעדען וואַלד?

**200.** פון וואַרשאָ ביז מאָסקווע איז 1224 ווּיאָרסט. איינמאָל זענען אין דערזעלבער צייט אַרויסגעגאַנגען 2 צוגען, איינער פון מאָסקווע קיין וואַרשאָ, און דער צווייטער אַנטקעגען—פון וואַרשאָ קיין מאָסקווע. איין צוג איז געגאַנגען 30 וויאָרסט אַ שעה און דער אַנדערער 38 וויאָר. אין וויפיעל שעה נאָך זייער אָבגעהן האָבען זיך די צוגען געטראָפען?

**201.** אַ האָז קאָן אָבלויפען אין איין מינוט 2017 פוס, און אַ הונד—2205 פוס. אין וויפיעל מינוט וועט אַ הונד דעריאָגען אַ האָז, אויב זיי געפינען זיך איינער פון אַנדערן אויף אַ שטרעקע פון 1504 פוס?

**202.** אַ ווייבעל האָט געוואָלט קויפען אין אַ געוועלב 20 פונט צוקער און 2 פונט טהיי, האָט עס בעטראָפען 6 רובל. דעם ווייבעל האָט אָבער אויסגעפעהלט צו דער קניה 1,40 קאָפּ. האָט זי פאַר איהר געלד מעהר נישט געקאָנט קויפען, ווי 10 פונט צוקער מיט 2 פונט טהיי. וויפיעל האָט געקאָסט אַ פונט צוקער, און וויפיעל—אַ פונט טהיי?

**203.** 5 „שטיינער" נוטער ווייסער זייף מיט 2 שטיינער פון צווייטען סאָרט קאָסטען 96 קאָפּ. 32 רובל, און 4 שטיינער ווייסער זייף

מיט 2 שטיינער פֿון צווייטען סאָרט קאָסטען 28,16 רובל. וויפֿיעל קאָסט אַ פֿונט נוטער זייף, און וויפֿיעל—אַ פֿונט צווייטער סאָרט

איבערשרײַבען און בערעכֿענען

| | | | |
|---|---|---|---|
| 5387+3865 | 5460 : 10 | 994+6 | .204 |
| 6654−1878 | 1000×10 | 996+? =1000 | |
| 2×697 | 5000−50 | 1737×3 | |
| 75×56 | 4940+60 | 1092 : 4 | |

| | | | |
|---|---|---|---|
| 9957 : 9 | 9983+?=10000 | 2875 : 23 | .205 |
| 8695 : 19 | 8000−?=578 | 1840+8160 | |
| 10000 : 100 | 8604−3709 | 4871+989 | |
| 7898+2335 | 289 ×26 | 6654−4876 | |

(בערעכֿענען אויסענווייניג)

| | | | |
|---|---|---|---|
| 45×10 | 356−99 | 827+99 | .206 |
| 450−45 | 500−97 | 379+999 | |
| 45×9 | 398−98 | 997+998 | |
| 86×9 | 2867−999 | 291+199 | |

---

| | | | |
|---|---|---|---|
| 10000 | 95 | 874×9 | .207 |
| −1875 | 187 | 352×9 | |
| | 3 | 7867−4999 | |
| 7077 : 21 | 1879 | 998+1876 | |

---

# IV

## אָנגעגרענצטע צאָהלען.

**208.** וויפיעל מעטער איז דאָ אין אַ קילאָמעטער? אין 10 קילאָמעטער? אין 20 קילאָמעטער? אין 30 קילאָמעטער? אין 40 קילאָמעטער? אין 50 קילאָמעטער? אין 60 קילאָמעטער? אין 70 קילאָמעטער? אין 80 קילאָמעטער? אין 90 קילאָמעטער?

**209.** וויפיעל גראַם איז דאָ אין אַ קילאָגראַם? אין 10 קילאָגראַם? אין 12 קילאָגראַם? אין 15 קילאָגראַם? אין 17 קילאָגראַם? אין 18 קילאָגראַם? אין 19 קילאָגראַם?

**210.** וויפיעל קאָפּיקעס איז דאָ אין אַ רובל? אין 10 רובל? אין 100 רובל? אין 200 רובל? אין 210 רובל? אין 320 רובל? אין 450 רובל? אין 540 רובל? אין 660 רובל? אין 870 רובל? אין 990 רובל? אין 1000 רובל?

**211.** שרייבט־אויף מיט ציפער: איינס, צעהן, הונדערט, טויזענד. צעהן טויזענד, צוואַנציג טויזענד, דרייסיג טויזענד, פערציג טויזענד. פופציג טויזענד, זעכציג טויזענד, זיעבציג טויזענד, אַכטציג טויזענד. ניינציג טויזענד, הונדערט טויזענד, צוויי הונדערט טויזענד, דריי הונדערט טויזענד, פינף הונדערט טויזענד, טויזענד מאָל טויזענד (אַ מיליאָן).

**212.** איין מיליאָן שרייבט מען אַנ'איינס מיט 6 נולען, אַזוי: 1000000. וואָס בעדייט דער ערשטער נול פון דער רעכטער זייט? (אַז עס פעהלט איינציגע). וואָס בעדייט דער צווייטער נול? (אַז עס איז נישטאָ קיין צעהנדלינגער). דער דריטער נול? (אַז עס איז נישטאָ קיין טויזענדער). דער פיערטער נול? (אַז עס איז נישטא קיין צעהן־טויזענדער), דער פינפטער נול? (אַז עס איז נישטאָ קיין צעהנדלינגער טויזענדער). דער זעקסטער נול? —

**213.** שרייבט־אויף מיט ציפער: איין מיליאָן, דריי מיליאָן, זעקס מיליאָן, צעהן מיליאָן, איין מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד, הונדערט

מיט פֿופֿציג טויזענד, פֿינף און פֿערציג טויזענד, דרײַ און צוואַנציג טויזענד, אַכֿטצעהן טויזענד.

**314.** שרײַבט־אויף מיט ציפֿער: צוויי מיליאָן הונדערט און פֿופֿציג טויזענד, דרײַ מיליאָן צוויי הונדערט און דרײַ און זעכֿציג טויזענד, זיעבען און צוואַנציג טויזענד דרײַ הונדערט, זיעבען און דרײַסיג טויזענד פֿיער הונדערט און פֿינף און זעכֿציג.

**215.** שרײַבט־אויף מיט ציפֿער: נײַן הונדערט זעקס, נײַן טויזענד אַכֿט און פֿופֿציג, זיעבען טויזענד איין און דרײַסיג, צעהן טויזענד איינס, הונדערט טויזענד צוויי.

**216.** שרײַבט־אויף מיט ציפֿער: זיעבען, זיעבען און זיעבציג, זיעבען הונדערט זיעבען און זיעבציג, זיעבען טויזענד, זיעבען הונדערט זיעבען און זיעבציג, זיעבען און זיעבציג טויזענד, זיעבען הונדערט זיעבען און זיעבציג, זיעבען הונדערט זיעבען און זיעבציג טויזענד, זיעבען הונדערט זיעבען און זיעבציג...

**217.** שרײַבט־אויף מיט ציפער: זעכֿציג איינציגע, זעכֿציג טויזענד, זעכֿציג מיליאָן; דרײַ הונדערט פֿופֿצעהן איינציגע, דרײַ הונדערט פֿופֿצעהן טויזענד, דרײַ הונדערט פֿופֿצעהן מיליאָן.

**218.** שרײַבט־אויף מיט ציפֿער: דריי הונדערט פֿופֿצעהן מיליאָן צוויי הונדערט זעכֿצעהן טויזענד פֿינף הונדערט פינף און פערציג, פֿיער און נײַנציג מיליאָן אַכט הונדערט אַכֿט טויזענד פֿיער.

**219.** לייענט־איבער: 1000000, 2100000, 3250000, 6148000, 8248900, 2345680, 1566348, 1046148, 1204368, 3402679, 2450793, 1897045, 3456701, 3001891, 4000735, 6000024, 104001.

**220.** לייענען גרויסע צאָהלען איז לײַכֿט, ווען מען זאָל די צאָהלען צוטיילען אויף קלאַסען און די קלאַסען אויף אָבטיילונגען, אַזוי: די ערשטע דרײַ ציפֿער פֿון דער רעכֿטער זײַט איז דער ערשטער קלאַס אָדער איינציגע, די ווײַטערדיגע דרײַ ציפֿער איז דער צווייטער קלאַס, אָדער טויזענדער, די דריטע דרײַ ציפֿער איז דער דריטער קלאַס, אָדער מיליאָנען. אַזוי ווי יעדער קלאַס האָט דרײַ ציפֿער, ווערט יעדער קלאַס ווידער צוטיילט אויף

דריַ אָבטײלונגען, אַזוי: די ערשטע ציפֿער פֿון דער רעכטער זייַט אין יעדען קלאַס זענען אייניגע, די צווייטע ציפֿער—צעהנדליגער, די דריטע ציפֿער—הונדערטער. למשל, די צאָהל 23486534‎1 ווערט צוטיילט אַזוי:

| I קלאַס | | | II קלאַס | | | III קלאַס | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| אייניגע | | | טויזענדער | | | מיליאָנען | | |
| 1-טע אָבטייל. | 2-טע אָבטייל. | 3-טע אָבטייל. | 1-טע אָבטייל. | 2-טע אָבטייל. | 3-טע אָבטייל. | 1-טע אָבטייל. | 2-טע אָבטייל. | 3-טע אָבטייל. |
| אייניגע | צעהנדליגער | הונדערטער | אייניגע | צעהנדליגער | הונדערטער | אייניגע | צעהנדליגער | הונדערטער |
| 1 | 4 | 3 | 5 | 6 | 8 | 4 | 3 | 2 |

אַלזאָ: 234 מיליאָנען, 865 טויזענדער, 341 אייניגע.

ווען מען וויל איבערלייענען אַ גרויסע צאָהל, קאָן מען עס צוטיילען אויף קלאַסען, מאַכענדיג קאָמאַס פֿון אויבען צווישען איין קלאַס און צווייטען, אַזוי: 34‎'865‎'341 און מען לייענט: פֿיער און דרייסיג מיליאָן, אַכט הונדערט פֿינף און זעכציג טויזענד, דריַ הונדערט איין און פערציג.

**221.** שרייַבט-אויף אייניגע גרעסערע צאָהלען, צוטיילט זיי אויף קלאַסען און לייענט זיי איבער.

**222.** אין דער צאָהל 248365 גיט אַכטונג און פֿערשרייַבט בעזונדער, וויפֿיעל איז דאָ אייניגע, וויפֿיעל צעהנדליגער, וויפֿיעל הונדערטער, וויפֿיעל טויזענדער, וויפֿיעל צעהן-טויזענדער, וויפֿיעל הונדערטער טויזענד? איצט רעכענט דאָס אַלץ אינאיינעם.

**223.** קלערט-אויס אייניגע גרעסערע צאָהלען, שרייבט-אויף זיי פֿריהער בעזונדער די אייניגע, בעזונדער די צעהנדליגער א. אַ. וו. און נאָכ'רעם רעכענט-אויף אָט די אייניגע מיט די צעהנדליגער א. אַ. וו. אינאיינעם.

# V

## אַלע האַנדלונגען.

### חִבּור.

איבערשרייבען און בערעכענען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 6437 | 4008 | 5070 | 4124 | .224 |
| +2663 | +4380 | +3208 | +3715 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 104001 | 42001 | 85701 | 7801 | .225 |
| + 90998 | +34876 | +10234 | +4193 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 846547 | 27653 | 305211 | 345615 | .226 |
| 389716 | 81758 | 35385 | 287178 | |
| 106314 | 86154 | 10908 | 306693 | |
| 89135 | 63807 | 289345 | 148734 | |

.227 (ווען די סומע ציפער פֿון איין אָבטיילונג איז מעהר ווי הונדערט, שרייבט מען אונטער דער אָבטיילונג די איינציגע און דעם הונדערטער רעכענט מען צו אַלס 10 צעהנדליגער צו די צעהנדליגער. דערביי איז אויך נויטיג צו געדענקען, אַז אַלע צאָהלען, וועלכע מען רעכענט־צו צו די וויטערדיגע אָבטיילונגען, דאַרף מען נישט האַלטען אויפ'ן קאָפּ, נור אונבעדינגט פֿערשרייבען איבער די אָבטיילונגען, צו וועלכע מען רעכענט זיי צו).

| | | |
|---:|---:|---:|
| 3465345 | 18948 | 2357 |
| 165357 | 3570 | 8698 |
| 75183 | 2687 | 4255 |
| 1861 | 268470 | 3689 |
| 967 | 14689 | 6247 |
| 73 | 33776 | 1898 |
| 8 | 44558 | 7848 |
| ——— | 34569 | 1234 |
| 10 | 91868 | 2431 |
| 15123 | 3007 | 5678 |
| 311 | 98 | 6875 |
| 100104 | 100347 | 3579 |
| 4708 | 75689 | 9573 |
| ——— | ——— | ——— |

**228.** (עס איז נויטיג, אַז די שילער זאָלען אַלע מאָל זיך אליין קאָנטראָלירען, צי זיי האָבען ריכטיג געמאַכט דעם חבור, בערעכענענדיג צוויי מאָל: איין מאָל רעכענענדיג פון אויבען אַראָב, און דאָס צווייטע מאָל—פון אונטען אַרויף. עס איז אָבער דאָ נאָך צוויי מינים פראָבעס, וועלכע מיר ברייגגען דאָ).

א)

2324+697+841+10839=14701

| | |
|---:|---|
| 2324 | די צאָהלען פון חבור ווערען פונ- |
| 697 | אנדערגעשטעלט האָריזאָנטאל און |
| 841 | ווערטיקאל און מען בערעכענט זיי |
| 10839 | צוויי מאָל (פון ביידע זייטען). |
| 14701 | |

ב)

| | | |
|---|---|---|
| פריהער בערעכענט מען אַלע צאָה־לען צוזאַמען, נאָכדעם צוטיילט מען די צאָהלען אויף גרופּעס, מען בע־רעכענט יעדע גרופּע בעזונדער, און די סומעס פון די אַלע גרופּעס לעגט מען צוזאַמען. | 25 | |
| | 167 | |
| | 698 | |
| | 3178 | 4068 |
| | 204 | |
| | 1849 | |
| | 37 | |
| | 8 | 2098 |
| | 6166 | 6166 |

**.229** 10148370 + 3000470 ; 21367805 + 33017813 — שטעלען איין צאָהל אונטער דער צווייטער און בערעכענען.

**.230** 21+15082+141897+587095+829549

**.231** 835689+845+18456+83+3485630+4446183

**.232** 99+1845+700+345+4608350+29045+43004

**.233** שרייבט־אויף אַלע צאָהלען פון 1 ביז 100, אַזוי: 1, 2, 3, 4, א. אַ. וו., נאָכדעם לעגט־אויף די ערשטע צעהן צאָהלען, די צווייטע צעהן צאָהלען א. אַ. וו. ביז 100, און נאָכדעם בערעכענט די אַלע סומעס צוזאַמען. וויפיעל וועט אויסקומען?

---

**.234** איוב האָט געהאַט 7000 שעפּסען, 3000 קעמלען, 500 פּאָר רינדער און 500 מויל־אייזלען. בערעכענט, וויפיעל בהמות האָט איוב געהאַט צוזאַמען?

**.235** אין אויסטראַליען איז זעהר ענטוויקעלט דאָס האָדעווען שעפּסען, וואָס גיבען אַ סך וואָל, פעטס און פלייש פאַר ענגלאַנד און

אַנדערע לענדער. איין בעל־הבית האָט געהאַט 22365 שעפּסען, דער שכן זיינער—8000. וויפיעל שעפּסען האָבען זיי ביידע געהאַט צוזאַמען?

**236.** אברהם אבינו האָט געלעבט אונגעפֿעהר 2000 יאָהר פֿאַר היינטינער צייט־רעכענונג. וויפיעל צייט איז אַריבער פֿון אברהם אבינו ביז היינט?

**237.** אַ סוחר האָט אַריינגעלעגט אין געשעפֿט 9684 רובל. ריינעם ריוח האָט ער געהאַט 1856 רובל. וויפיעל האָט דער סוחר אַרויסגענומען פֿון געשעפֿט?

**238.** אַ צוג האָט געמאַכט אין איין חודש 39465 קילאָמעטער, אין צווייטען חודש—מיט 1847 קילאָמעטער מעהר. וויפיעל קילאָמעטער האָט דער צוג געמאַכט אין ביידע חדשים?

**239.** אַ שיף איז אָבגעגאַנגען אין איין וואָך 3024 קילאָמעטער און אין דער צווייטער וואָך מיט 1856 קילאָמעטער מעהר. וויפיעל קילאָמעטער האָט דאָס שיף געמאַכט אין ביידע וואָכען?

**240.** אַ פֿאַבריק האָט אָנגעגרייט אויפֿ'ן ווינטער 10 וואַגאָן שטיין־קויהלען, ס"ה 95690 פּוד. אין מיטען ווינטער האָט מען צוגעקויפט נאָך 47960 פּוד. וויפיעל פּוד קויהלען האָט די פֿאַבריק אָנגעגרייט?

**241.** אין יאָהר 1916 האָבען אין וואַרשא געלערנט אין פֿערשיעדענע אומזיסטע שולען 12406 יודישע יונגלעך און 10885 יודישע מיידלעך. וויפיעל יודישע קינדער האָבען אין יאָהר 1916 געלערנט אין די וואַרשאווער אומזיסטע שולען?

**242.** אין יאַנואַר 1917 האָט דער יודישער נאַציאָנאַל־פֿאָנד געהאַט פֿאָלגענדע הכנסות: פֿון רוסלאַנד—29591 מאַרק; פֿון עסטרייך—15088 מאַרק; פֿון עסטרייכישען אָקופּירטען געביט—2864 מאַרק; פֿון דייטשלאַנד—12225 מאַרק; פֿון דייטשען אָקופּירטען געביט—880 מאַרק; פֿון אונגאַרן—2016 מאַרק; פֿון האָלאַנד—1543 מאַרק; פֿון קאַנאַדאַ—1420 מאַרק; פֿון דרום־אַפֿריקאַ—1166 מאַרק; פֿון אַרגענטינאַ—1077 מאַרק; פֿון סאַלאָניקי—973 מאַרק; פֿון די דרום־סלאַווישע לענדער—592 מאַרק; פֿון דער שווייץ—590 מאַרק; פֿון עגיפּטען—456 מאַרק; פֿון איטאַליען—336 מאַרק; פֿון שוועדען—

170 מאַרק? פון דענעמאַרק—80 מאַרק, און פון אַנדערע לענדער— 213 מאַרק. וויפיעל האָט דער נאַציאָנאַל-פאָנד געהאַט הכנסה אין דעם יאָהר בסך-הכל?

**243.** אין די ערשטע דריטהאַלבען יאָהר פון דער אייראָפּעאי-שער מלחמה האָט דער „יודישער קאמיטעט צו העלפען די מלחמה-גע-ליטענע יודען" געהאַט פאָלגענדע הכנסות, וואָס זענען צוטיילט געוואָרען צווישען די הײמלאָזע: פון פעטערבורג—1765000 רובל; פון דער פּראָ-ווינץ—1200000 רובל; פון אַמעריקאַ—אונגעפעהר 5000000 רובל; פון ענגלאַנד און אַפריקאַ—800000 רובל; פון שאָטלענדער קריסטען אין דובלין—150000 רובל; פון דער רוסישער רעגירונג—9000000 רובל. וויפיעל געלד האָט דער קאָמיטעט צוטיילט אין דער צייט?

**244.** אין יאָהר 1916 זענען אין וואַרשאָ מיט די פאָרשטעדט געווען 351522 יודען און 596939 קריסטען. וויפיעל מענשען זענען דעם יאָהר געווען אין וואַרשא אינאיינעם מיט די פאָרשטעדט?

**245.** אין יאָהר 1897, בעת מען האָט איבערגעשריבען די צאָהל איינוואוינער אין גאַנץ רוסלאַנד, זענען אין וואַרשאווער גובערניע געווען 1933689 איינוואוינער, אין פּיעטראָקאָווער—1409044, אין קאַלישער — 846719 איינוואוינער, אין קיעלצער—763746, אין ראַדאָמער—820363, אין לובלינער גובערניע—1159463, אין שעד-ליצער—775316, אין פלאָצקער—556877, אין לאָמזשער—585781, און אין סובאַלקער גובערניע—604945 איינוואוינער. ווי גרויס איז דעמאָלט געווען די בעפעלקערונג אין גאַנץ „קעניגרייך פוילען"?

**246.** אין אַזיען זענען דאָ אַנ'ערך 840858000 איינוואוינער, און אין אַפריקאַ—179457000. וויפיעל מענשען זענען דאָ אין די ביידע טבנ'ישע לענדער?

**247.** מענשען אויפ'ן גאַנצען ערד-קוגעל רעכענט זיך אַזוי: אינדאָ-אייראָפּעער—665000000, מאָנגאָלען (כינעזער, יאַפּאַנער, אינ-דיאַנער, א. אַ.) — 600000000, סעמיטען, נעגער און אַנדערע קליינע פעלקער—220000000, מאַלאַער—36000000, און אַמערי-קאַנער אינדיאַנער—9000000. וויפיעל מענשען רעכענען זיך אויף דער גאַנצער ערד?

**.248** יודען זענען פֿאַרהאַן אין גאַנץ אייראָפּאַ 8518280, אין אַזיען — 524682; אין אַפֿריקאַ — 367432; אין אַמעריקאַ — 1169881; אין אויסטראַליען—16975. וויפֿיעל יודען זענען פֿאַרהאַן אויפ'ן גאַנצען ערד־קוגעל?

**.249** איינער אַ רייזענדער איז געפֿאָהרען פֿון מאָסקווע קיין פּעטערבורג, פֿון פּעטערבורג קיין בערלין, פֿון בערלין קיין פּאַריז און פֿון פּאַריז קיין לאָנדאָן, און נאָכדעם צוריק מיט דעמזעלבען מאַרשרוט. בע־רעכענט, וויפֿיעל ווירסט ער האָט געמאַכט, אויב פֿון מאָסקווע ביז פּע־טערבורג איז 609 ווירסט, פֿון פּעטערבורג ביז בערלין—1723 ווירסט, פֿון בערלין ביז פּאַריז—1117 ווירסט, און פֿון פּאַריז ביז לאָנדאָן—427 ווירסט?

---

## חִסוּר.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 42995 | 43378 | 8839 | 4368 | **.250** |
| —41592 | —21204 | —1428 | —2365 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 48987 | 35528 | 46986 | 5368 | **.251** |
| —28987 | — 2211 | —32445 | —3354 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 18500 | 63001 | 8507 | 85701 | **.252** |
| —14366 | —36858 | —4399 | —36234 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 10000 | 50000 | 101001 | 26888 | **.253** |
| 9898 | —49999 | — 99999 | — 9999 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 468395 | 217415 | 80000 | 75999 | **.254** |
| —379890 | —108080 | — 5499 | — 2001 | |

**.255**

| 70963 | 71717 | 600006 | 1347845 |
|---|---|---|---|
| — 9098 | — 8787 | —486397 | — 898967 |

**.256**

| 1000 | 10000 | 50000 | 100000 |
|---|---|---|---|
| — 845 | — 1837 | —37224 | — 96843 |

**.257**

| 80000 | 75000 | 400000 | 2345839 |
|---|---|---|---|
| —47083 | —63037 | —237096 | —1036947 |

**.258**

| 100000 | 2436745 | 20000 | 10000 |
|---|---|---|---|
| — 99999 | — 999999 | — 1 | — 485 |

## די פּראָבע.

**.259** וויפיעל איז: 15 אָהן 8? און 7 מיט 8? דער אונטערשיעד (7) מיט'ן מינערער (8). צוזאַמען מאַכען-אויס דיזעלבע, ווי דאָס געמינערטע (15). דעריבער, אַז מען וויל קאָנטראָלירען, צי די האַנדלונג איז ריכטיג געמאַכט געוואָרען, קאָן מען—אָדער: 1) נאָכאַמאָל איבערעכע-נען, אָדער: 2) צוריק אויפרעכענען דעם אונטערשיעד מיט דעם מינערער, און אויב אין דער סומע קומט אַרויס דיזעלבע צאָהל וואָס דער געמינערט'ער, איז אַ בעוויז, אַז דער חסור איז געמאַכט גע-וואָרען ריכטיג. אַזוי:

$$\begin{array}{r} 42356 \\ -18978 \\ \hline 23378 \\ \hline 42356 \end{array}$$

| | | | |
|---|---|---|---|
| 181357 | 104577 | 18345 | **.260** |
| + 95689 | — ? | — ? | |
| 345460 | 33478 | 7540 | |
| +654549 | | | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1000000 | 300000 | 500000 | 200000 | **.261** |
| — 2000 | — 500 | — 60 | — 4 | |

---

**.262** דער העכסטער בוים אויף דער ערד, דער אייקאַליפּט אין אויסטראַליען, האַלט ביז 155 מעטער די הויך; אַ גומי־בוים האַלט ביז 110 מעטער, און אַ דעמב—ביז 58 מעטער. מיט וויפיעל מעטער האַלטען דער גומי־בוים און דער דעמב ווייניגער פון אייקאַליפּט?

**.263** פון פעטערבורג ביז בערלין איז 1723 ווערסט, פון בערלין ביז פּאַריז—1117 ווערסט. מיט וויפיעל איז דער וועג פּע־טערבורג—בערלין ווייטער, ווי דער וועג בערלין—פּאַריז?

**.264** די הויפּט־שטאָדט פון ענגלאַנד, לאָנדאָן, האָט 5700000 איינוואוינער און אין דער גאַנצער מלוכה מאָנטענעגראָ (טשערנאָגאָריען) זענען דאָ בסך־הכל 240000 איינוואוינער. מיט וויפיעל מענשען איז אין לאָנדאָן דאָ מעהר, ווי אין דער גאַנצער מלוכה מאָנטענעגראָ?

**.265** ווען די יודען זענען אַרויס פון מצרים, זענען זיי בסך־הכל געווען 600000 מענשען. היינט רעכענט זיך אויפ'ן גאַנצען ערד־קוגעל 10597250 יודען. מיט וויפיעל יודען איז היינט דאָ מעהר, ווי בשעת יציאת מצרים?

**.266** אין יאָהר 1907 זענען אין די פעראייניגטע שטאַטען פון אַמעריקאַ אָנגעקומען 149182 יודישע עמיגראַנטען, צווישען זיי—114932 פון רוסלאַנד. וויפיעל יודישע עמיגראַנטען זענען אין יענעם יאָהר אָנגעקומען אין די פעראייניגטע שטאַטען פון אַנדערע לענדער?

**.267** אין יאָהר 1912 זענען קיין אַמעריקאַ אָנגעקומען מיט

68587 יודישע עמיגראַנטען וועניגער, ווי אין יאָהר 1907. וויפיעל יודישע עמיגראַנטען זענען אין יאָהר 1912 אָנגעקומען קיין אַמעריקאַ? וויפיעל יודישע עמיגראַנטען זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקאַ אין די ביידע יאָהרען?

**268.** אין יאָהר 1916 זענען אין וואַרשא געווען 596933 קריסטען, און יודען זענען געווען מיט 245417 וועניגער. וויפיעל יודען זענען אין דעם יאָהר געווען אין וואַרשא?

**269.** דירות זענען אין וואַרשא ס"ה געווען אין יענעם יאָהר 129669 קריסטליכע, יודישע—מיט 73001 וועניגער. וויפיעל דירות האָבען פערנומען יודען?

**270.** אין דעמזעלבען יאָהר זענען אין וואַרשא געווען 115353 קינדער אין עלטער ביז 15 יאָהר. צווישען זיי זענען געווען קריסטליכע 32888 יונגלעך און 32300 מיידלעך. יודישע יונגלעך זענען געווען 24778. וויפיעל יודישע מיידלעך זענען דעמאָלט געווען אין וואַרשא? וויפיעל יודישע קינדער, מיידלעך מיט יונגלעך, זענען געווען אין וואַרשא אין יאָהר 1916?

**271.** אין פּוילען זענען דאָ סך הכל 12467300 נפשות, דע־רונטער 6274800 מאַנסליַיט. וויפיעל פרויען זענען דאָ אין פּוילען?

**272.** צווישען די אַיינוואוינער אין פּוילען געפינען זיך 1680600 יודען. וויפיעל נישט־יודען רעכענט זיך אין פּוילען?

**273.** די גרעב פון דער ערד איז 11957 וויאָרסט. און די גרעב פון דער זון איז 1340700 וויאָרסט. מיט וויפיעל וויאָרסט איז די זון דיקער פון דער ערד?

**274.** אין די רויגען פון אַ הערינג זענען דאָ ביז 36000 אייעלעך, אין די רויגען פון אַנ'אָקון זענען דאָ ביז 200000 אייעלעך; פון יעדען אייעלע קאָן ווערען אַ פּישעלע. מיט וויפיעל פישעלעך קאָן ווערען פון די רויגען פון אַנ'אָקון מעהר, ווי פון אַ הערינג?

# כֵּפֶל.

275. 5976 × 7   4314 × 6   8533 × 5   7912 × 4   3515 × 3

276. 9467 × 9   6985 × 9   7897 × 5   9212 × 8   8416 × 7

277. (טאָפּלען אויף אַ צאָהל, וואָס בעשטעהט פֿון איין בעדײַ־טײַנדער ציפֿער מיט נולען, דאַרף מען פֿריהער טאָפּלען אויף דער בע־דײַטענדער ציפֿער און צום סך־הכל צושטעלען אַזוי פיעל נולען, וויפֿיעל ע׳ס איז דאָ אינ׳ם כּפל׳ער).

9845 × 10   4660 × 10   8967 × 10   4651 × 10   2895 × 10

278. 11478 × 60   8673 × 50   9847 × 40   6891 × 30   1845 × 20

78 × 9000   6670 × 200   4567 × 700   3478 × 400   25878 × 90

279. 538 × 600   636 × 400   454 × 500   836 × 300
538 × 70   636 × 60   454 × 40   836 × 30
538 × 4   636 × 7   454 × 6   836 × 3

338 × 674   636 × 467   454 × 546   836 × 333

280. 356 × 583   723 × 321   563 × 575   489 × 396   325 × 928

**231.**

| 175 | 804 | 506 | 189 | 436 |
|---|---|---|---|---|
| ×307 | ×258 | ×375 | ×407 | ×303 |

**232.**

| 440 | 218 | 613 | 407 | 609 |
|---|---|---|---|---|
| ×471 | ×105 | ×345 | ×305 | ×803 |
| 220 | 180 | 254 | 470 | 370 |
| ×330 | ×360 | ×380 | ×187 | ×216 |

**283.** אַז מען וויל קאָנטראָלירען, צי דער כּפל איז געמאַכט גע־וואָרען אָהן אַ טעות, דאַרף מען: 1) איבערעכענען נאָכאַמאָל, אָדער: 2) איבערדרעהען די מיטטאָפּלער אַזוי:

| (2 | (1 |
|---|---|
| 324 | 476 |
| × 476 | × 324 |
| 1944 | 1904 |
| 2268 | 952 |
| 1296 | 1428 |
| 154224 | 154224 |

און אויב דאָס צווייטע מאָל קומט אויך אַרויס דערזעלבער סך־הכל, ווי דאָס ערשטע מאָל, איז דאָס אַ בעווייז, אַז דער כּפל איז געמאַכט גע־וואָרען אָהן אַ טעות.

**234.**

| 230 | 875 | 875 | 663 | 763 |
|---|---|---|---|---|
| ×875 | ×230 | ×203 | ×110 | ×101 |

---

**285.** אין אַ זאָלאָטניק איז דאָ 96 דאָלעס; אין אַ לויט איז דאָ 3 זאָלאָטניק; אין אַ פונט איז דאָ 32 לויט; אין אַ פוד איז דאָ 40 פונט. וויפיעל דאָלעס איז דאָ אין אַ פוד?

.286 וויפיעל סעקונדעס איז דאָ אין אַ חודש, אַז אין אַ מינוט איז דאָ 60 סעקונדעס, אין אַ שעה איז דאָ 60 מינוט, אין אַ מעת־לעת איז דאָ 24 שעה און אין אַ חודש איז דאָ 30 מעת־לעת?

.287 וויפיעל מינוט איז דאָ אין אַנ'עבור־יאָהר? (אַ יודישער עבור־יאָהר האָט 13 חדשים).

.288 אין אַ וויאָרסט איז דאָ 500 קלאַפטער, אין אַ קלאַפטער איז דאָ 3 אַרשין, אין אַנ'אַרשין איז דאָ 16 ווערשקעס. היינט וויפיעל ווערשקעס איז דאָ אין אַ וויאָרסט?

.289 אין אַ פוס איז דאָ 12 צאָל (דיוים), און אין אַנ'אַרשין — 28 צאָל. בערעכענט, וויפיעל איז מעהר: 7864 אַרשין אדער 9360 פוס?

.290 אין וואַרשא זענען דאָ יודישע פאָלקס־שולען, וועלכע מען רופט דינעזאָהן־שולען, ווייל דער שרייבער י. דינעזאָהן האָט זיי געגרינדעט. אַזוינע שולען זענען דאָ 11, און תלמידים קומט־אויס דורכשניטליך אויף יעדער שול 140. וויפיעל תלמידים זענען דאָ אין אַלע 11 „דינעזאָהן־שולען"?

.291 אין סאָסנאָווע וועלדער געפינען זיך אַזוינע זומער־פויגעלעך (שמעטערלינגען). די „זי" לעגט יעדעס יאָהר ביז 150 אייעלעך; אויפ'ן צווייטען יאָהר קומען פון די אייעלעך אַרויס 75 פּאָר זומער־פויגעלעך און יעדעס פון די 75 לעגט ווידער צו 150 אייעלעך. דאָס דריטע יאָהר לעגען ווידער די ניי־געבוירענע צו 150 אייעלעך א. אַ. וו. בערעכענט, וויפיעל זומער־פויגעלעך קאָנען אַרויסקומען אין 4 יאָהר פון איין פּאָר זומער־פויגעלעך?

.292 אין איין מינוט געהט־אָב די ערד, דרעהענדיג זיך אַרום דער זון, 1680 וויאָרסט. וויפיעל וויאָרסט האַלט די שטרעקע, וואָס די ערד געהט־אָב אין 3 שעה?

.293 וויפיעל דאַרף מען בעצאָהלען פאַר דרוקען אַנ'אַנאָנס 3 מאָל אין אַ צייטונג, ווען די אַנאָנס פערנעהמט 27 שורות. אין אַ שורה קאָסט דאָס ערשטע מאָל 15 קאָפּיקעס, און וואָס מעהר ווי איין מאָל — מיט איין דריטעל בילינגער?

**.294** אַ באַהן־בילעט פֿון וואַרשא ביז לאָדז קאָסט: אין ערשטען קלאַס—4 רובל מיט 48 קאָפּ., אין דריטען קלאַס—1 רובל מיט 79 קאָפּ., אין צווייטען קלאַס אַזוי פיעל, מיט וויפֿיעל אַ בילעט פֿון ערשטען קלאַס קאָסט טייערער, ווי אין דריטען. איינמאָל האָט די באַהן־קאַסע פערקויפֿט 15 בילעטען פֿון ערשטען קלאַס, 45—פֿון צווייטען און 75 בילעטען פֿון דריטען קלאַס. וויפיעל געלד האָט דעם טאָג געלייזט די קאַסע?

**.295** עס איז דאָ אַ לעגענדע, ווי אַזוי מען האָט מיט טויזענ־דער יאָהרען צוריק אויסגעקלערט די אינטערעסאַנטע שפּיעל אין שאַכמאַט. איינער אַן׳אינדישער קיסר איז אַמאָל געוואָרען אומעטיג און קיין זאַך האָט איהם נישט געקאָנט פֿרעהליך מאַכען. איז געקומען אַן׳אינדיאַנער און האָט געוויזען די שפּיעל אין שאַכמאַט, וואָס ער האָט אויסגעקלערט. דעם קיסר איז עס זעהר געפֿעלען געוואָרען, איז ער געוואָרען זעהר פֿרעהליך און האָט געזאָגט צום אינדיאַנער: „דערפֿאַר, וואָס דו האָסט אויסגעקלערט אַזאַ חכמה׳דיגע שפּיעל, ביזטו ווערטה אַ גרויסע מתנה. זאָג, וואָס דו פֿערלאַנגסט, וועסטו עס פֿון מיר בעקומען". זאָגט דער אינדיאַנער: „אַזוי ווי אויף׳ן שאַכמאַט־ברעטעל זענען דאָ 64 קוואַדראַ־טען, פֿערלאַנג איך אַ קלייניגקייט: בעפֿעהל, אַז אין ערשטען קוואַדראַט זאָל מען מיר געבען איין קערנדעל ווייץ, אין צווייטען—טאָפּעל, ווי אין ערשטען, אין דריטען—טאָפּעל, ווי אין צווייטען א. אַ. וו., ביז׳ן לעצטען קוואַדראַט". דער קיסר האָט זיך געוואונדערט, וואָס ער פֿערלאַנגט אַזאַ קלייניגקייט, נאָר ווען מען האָט גענומען בערעכענען, האָט מען געזעהן, אַז די צאָהל איז אַזוי גרויס, אַז ווען מען זאָל די גאַנצע ערד פֿערזייעון מיט ווייץ און אין משך פֿון 8 יאָהר דאָס געוועטעניש איהם אַוועק־געבען, וועט נאָך אַלץ נישט זיין גענוג.—אפשר וועט איהר דאָס בע־רעכענען?

**.296** ביז׳ן סוף נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט איז דער תנ״ך גע־ווען איבערזעצט אויף 326 שפּראַכען. רעכענענדיג, אַז אויף יעדער שפּראַך ווערט דער תנ״ך געדרוקט דורכשניטליך אין 2550 עקזעמפּלאַ־רען אַ יאָהר—טאָ בערעכענט, וויפיעל עקזעמפּלאַרען תנ״ך ווערט גע־דרוקט יעדעס יאָהר אויף אַלע שפּראַכען צוזאַמען?

# חִלּוּק.

.297 — 84735 : 6   73262 : 2   5498 : 2   6842 : 2
53292 : 5   60463 : 3   8965 : 5   9636 : 3
45215 : 3   75616 : 4   10362 : 3   4884 : 4

.298 — 70344 : 8   10860 : 6   63441 : 7   17549 : 7
76524 : 7   345672 : 3   91845 : 4   45216 : 8
145689 : 6   189225 : 9   120340 : 5   36738 : 9

.299 — 1895 : 10   15030 : 10   1980 : 10
1478 : 10   13500 : 10   3260 : 10
12340 : 10   12000 : 10   11340 : 10

2700 : 100
45800 : 100
95600 : 100

.300 — 85716 : 100   18200 : 100
34583 : 100   52405 : 100
60000 : 100   75863 : 100

70344 : 8   100000 : 100
12300 : 100   100000 : 1000
145860 : 100   100000 : 10000

.301 — 7000 : 2000   93120 : 60   6150 : 50   240 : 20
7000 : 700   15750 : 50   9420 : 60   240 : 30
7000 : 500   56700 : 90   42480 : 90   240 : 40
18000 : 900   70000 : 20   74240 : 80   240 : 60

10998 : 13   24436 : 41   10974 : 31   9492 : 21 **.302**
17319 : 23   52164 : 81   13485 : 31   9072 ; 21
18348 : 33   69433 : 91   18445 : 31   12432 : 21

20160 : 35   28704 : 39   50176 : 64 **.303**
334536 : 53   38763 : 59   29128 : 4!
462489 : 93   72864 : 99   55796 : 74

261948 : 83
670752 : 76
598242 : 96

55616 : 704   18025 : 515 **.304**
39641 : 809   51211 : 617
41702 : 719   69918 : 813

432306 : 575   40066 : 598
417100 : 43   194798 : 563
27324 : 330   457968 : 812

**305.** אַז מען וויל קאָנטראָלירען, צי דער חלוק איז געמאַכט געוואָרען ריכטיג, אָהן אַ טעות, דאַרף מען: 1) איבערדרעכענען נאָכאַמאָל, אָדער: 2) טאָפּלען דעם פּאַכוויַיזער אויפ'ן טיילער, און אויב אין רע־זולטאַט פון דעם כפל קומט־אויס דיזעלבע צאָהל, וואָס דאָס געטיילטע, איז עס אַ בעוויַיז, אַז דער חלוק איז געמאַכט געוואָרען ריכטיג. למשל:

$40 \times 25 = 1000$ (2   ;$1000 : 25 = 40$ (1

ווען דער פּאַכוויַיזער איז מיט אַ רעשט, דאַרף מען ביים מאַכען די פּראָבע צום סך־הכל צולעגען דעם רעשט. אַזוי:

$33 \times 30 = 990 + 10 = 1000$ (2   ;$1000 : 30 = 33$ (10) (1

**306.** 247230 : 123     2500 : 500
126046 : 62     7800 : 300

75600 : 6400     125360 : 125
18900 : 900     46789 : 247

---

**307.** די ערד האַלט אַרום און אַרום 37450 וויאָרסט. ווי לאַנג דאַרף דויערן אַ רייזע אַרום דער ערד, אַז מען זאָל אָפּגעהן 50 וויאָרסט אַ טאָג? 10 וויאָרסט אַ שעה?

**308.** אין דער שטאָדט ניו-יאָרק זענען אין יאָהר 1904 געווען 2800000 נפשות, צווישען זיי אַנ'ערך איין פערטיל יודען. וויפיעל אונגעפעהר יודען זענען דעמאָלט געווען אין ניו-יאָרק?

**309.** אין יאָהר 1899 איז די פראָדוקציע פון שטיין-קויהלען אויף דער גאַנצער ערד בעשטאַנען פון 189942 טאָן (אַ טאָן איז לערך 62 פוד). וויפיעל טאָן קויהלען קומט-אויס דורכשניטליך אויף יעדען חודש?

**310.** אין אַ מעהל-געשעפט איז געווען 4285 פוד מעהל אין 857 זעק. וויפיעל פוד מעהל איז געווען אין יעדען זאַק?

**311.** אין יאָהר 1917 זענען אין וואַרשא מיט די פאָרשטעדט געווען 948491 איינוואוינער, און הייזער זענען דאָ אַנ'ערך איין 92-טעל פון דער צאָהל. וויפיעל אונגעפעהר הייזער זענען דאָ אין וואַרשא?

**312.** אין 4398 חדרים אין פוילען זענען געווען רעגיסטרירט 79164 תלמידים. וויפיעל תלמידים קומט-אויס דורכשניטליך אויף איין חדר?

**313.** אין 5468 אָנפאַנגס-שולען אין פוילען זענען געווען 325098 תלמידים. וויפיעל תלמידים אַנ'ערך קומט-אויס אויף איין שול?

**314.** פון די 141811 יודישע עמיגראַנטען, וואָס זענען אין די יאָהרען 1909 און 1910 אָנגעקומען קיין אַמעריקאַ, האָט מען צוליעב די אַמעריקאַנער אימיגראַנטען-געזעצען צוריקגעשיקט 1567 מאַן. וואָס פאַר אַ טייל פון די אָנגעקומענע עמיגראַנטען האָט מען צוריקגעשיקט?

315. אין יאָהר 1903 זענען אין רוסלאַנד געווען 5083155 יודען און אין דער שווייץ זענען דעמאָלט געווען 12551 יודען. וויפיעל מאָל אַזוי פיעל זענען געווען יודען אין רוסלאַנד, ווי אין דער שווייץ?

316. וויפיעל פוד איז דאָ אין 121400 פונט?

317. וויפיעל פונט איז דאָ אין 59968 לויט?

318. וויפיעל מינוט איז דאָ אין 13584 סעקונדען?

319. וויפיעל שעה איז דאָ אין 3762000 סעקונדען?

320. וויפיעל ליווערס פאַפיר איז דאָ אין 8184 בויגען?

321. וויפיעל ריז פאַפיר איז דאָ אין 36735 בויגען?

---

## איבונגען אין געלויפיג רעכענען.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 12000 × 3 | 3000 − 900 | 395 + 25 | 67 + 9 | .322 |
| : 2 | : 3 | : 6 | : 2 | |
| + 14000 | : 10 | × 8 | − 13 | |
| × 3 | + 80 | − 80 | × 3 | |
| : 4 | × 6 | × 2 | : 5 | |
| − 9000 | : 2 | : 4 | × 6 | |
| + 10000 | + 800 | : 6 | : 5 | |
| × 4 | × 8 | × 25 | + 82 | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 15000 : 2 | 60 × 30 | 90 × 6 | 86 − 8 | .323 |
| × 4 | + 250 | + 300 | : 3 | |
| − 9000 | + 750 | : 6 | × 2 | |
| : 3 | : 40 | + 130 | + 48 | |
| − 600 | + 90 | × 2 | − 9 | |
| : 8 | × 4 | : 9 | : 7 | |
| : 5 | × 3 | − 15 | × 5 | |
| × 30 | + 80 | × 4 | − 45 | |

**324.**

| 11000 − 3000 | 4000 − 2700 | 70 + 80 | 85 × 2 |
|---|---|---|---|
| + 5000 | × 6 | : 2 | : 10 |
| : 2 | + 1200 | × 4 | × 3 |
| : 5 | : 2 | + 150 | − 2 |
| : 2 | : 45 | : 3 | : 7 |
| : 5 | × 37 | + 170 | × 14 |
| × 20 | − 900 | : 8 | + 7 |
| + 8400 | × 700 | × 20 | : 3 |

**325.**

| 20000 − 6000 | 950 + 850 | 90 + 80 | 96 : 6 |
|---|---|---|---|
| × 5 | × 5 | × 2 | × 5 |
| − 7000 | : 6 | − 60 | − 12 |
| : 3 | − 700 | + 300 | : 4 |
| + 15000 | × 8 | : 2 | × 3 |
| × 2 | : 4 | + 216 | + 47 |
| : 4 | × 6 | : 25 | : 7 |
| × 5 | + 400 | × 15 | × 5 |

**326.**

| 13000 × 4 | 5200 + 4 | 1000 − 20 | 14 × 3 |
|---|---|---|---|
| − 12000 | × 6 | : 7 | − 3 |
| : 2 | − 600 | × 6 | : 3 |
| : 8 | : 4 | + 160 | × 6 |
| − 400 | + 1700 | : 40 | + 12 |
| × 2 | − 800 | × 10 | : 5 |
| × 2 | × 2 | : 2 | + 30 |
| + 600 | : 3 | × 8 | × 16 |

**327.**

| 7500—3000 | 8000— 400 | 420 : 3 | 20+37 |
|---|---|---|---|
| × 2 | : 4 | × 5 | : 3 |
| : 6 | × 3 | +150 | × 5 |
| +1300 | +3000 | : 5 | —30 |
| : 24 | : 3 | — 90 | : 5 |
| : 8 | —1200 | × 7 | +77 |
| × 11 | × 4 | : 4 | : 45 |
| × 2 | : 200 | × 3 | — 2 |

**328.** אין אַ שול זענען געווען 112 קינדער, יונגלעך מיט מיידלעך. אַז מען האָט צוגענומען נאָך 16 יונגלעך, זענען יונגלעך געווען 3 מאָל אַזוי פיעל, ווי מיידלעך. וויפיעל יונגלעך און וויפיעל מיידלעך זענען אין אָנהויב געווען אין דער שול?

**329.** פאַר 56 פונט קאַווע האָט אַ סוחר בעצאָהלט 32 רובל מיט 80 קאָפּיקעס. וויפיעל דאַרף קאָסטען אַ זאַק קאַווע פון 5 פוד מיט 20 פונט?

**330.** 14 טשעסליאַרעס האָבען אויפגעבויט אַ הילצערן הויז אין 78 טעג. וויפיעל אַרבייטער וואָלט מען בעדאַרפט אויף אויפצובויען דאָס הויז אין 26 טעג?

**331.** אין אַ פאַבריק האָבען געאַרבייט 276 מאַנסלייט און 132 פרויען. אַלע צוזאַמען האָבען פערדיענט 16416 רובל אַ חודש, נור די מאַנסלייט האָבען גענומען טאָפּעל, ווי די פרויען. וויפיעל פערדיענט אַ חודש יעדער מאַנסביל און וויפיעל יעדע פרוי?

**332.** אַ סוחר האָט אויסגעמישט 3 סאָרטען טהיי: 95 פונט צו 2 רובל מיט 50 קאָפּ. אַ פונט, 40 פונט צו 2 רובל מיט 20 קאָפּ. אַ פונט, און 30 פונט צו 1 רובל מיט 80 קאָפּ. אַ פונט. דער סוחר האָט דעמאָלט פערקויפט דעם גאַנצען טהיי אויף איין פרייז און האָט פערדיענט דערביי 8 רובל מיט 25 קאָפּיקעס. וויפיעל האָט דער סוחר גענומען פאַר אַ פונט געמישטען טהיי?

**333.** פון דער ערד ביז דער זון איז 149000000 קילאָמעטער.

װי לאַנג דאַרף דױערן צו צוקומען צו דער זון, װען מען זאָל קאָנען פֿאָהרען צו איהר מיט אַ באַהן מיט אַ געשװינדקײט פֿון 1000 קילאָ־מעטער אַ שעה?

**334.** פֿון דער ערד צו דער לבנה איז 325080 קילאָמעטער. װי לאַנג דאַרף דױערן די רײזע צו דער לבנה, װען מען זאָל פֿאָהרען 40 װיאָרסט אַ שעה?

**335.** אין דער צײַט פֿון דער אײראָפּעאישער מלחמה זענען אין װאַרשא געװען 948492 אײנװאױנער. אָננעהמענדיג, אַז יעדער האָט אױפֿגעגעסען אַ האַלב פֿונט ברױט אַ טאָג, צו 20 פעניג אַ פֿונט,—בע־רעכענט, װיפֿיעל מאַרק אַ טאָג האָט די ערנעהרונגס־קאָמיסיע געלעזט פֿאַר ברױט?

**336.** באַהנען זענען אין פױלען דאָ זעהר װעניג, סך־הכל 3468 װיאָרסט. אײנפֿאַכע װעגען זענען געװען 18 מאָל אַזױ לאַנג מיט נאָך 3374 װיאָרסט. װיפֿיעל װיאָרסט װעגען זענען אינגאַנצען דאָ אין פױלען?

**337.** דער פױלישער דיכטער מיצקעװיטש איז געבױרען אין יאָהר 1778, און געשטאָרבען—אין יאָהר 1856. נאַפּאָלעאָן דער ער־שטער איז געבױרען אין 1769, און געשטאָרבען—אין 1821. װער האָט געלעבט לענגער און מיט װיפֿיעל יאָהר?

---

# VI

## אױפגעלעגטע נאָמינירטע צאָהלען.

ןעשױט:

**338.** 65 רובל—און קאָפּיקעס.
168 רובל—און קאָפּיקעס
45 ק. 240 רובל—און קאָפּיקעס.

**339.** 25 מעטער—אין סאַנטימעטער.
85 סאַנטימעטער 195 מעטער—אין סאַנטימעטער.
145 קילאָמעטער—אין סאַנטימעטער.
26 קילאָמעטער 340 מעטער 81 סאַנט.—אין סאַנטימעטער.

**340.** 194 קילאָגראַם 375 גראַם—אין גראַם.

**341.** 187 מאַרק 70 פֿעניג—אין פֿעניג.

**342.** 9 גילדען 18 גראָשען—אין גראָשען.

**343.** 19 מייל 5 וויאָרסט—אין אַרשין.
156 קלאַפֿטער 1 אַרשין—אין ווערשקעס, 7 קלאַפֿטער—אין ווערשקעס.

**344.** 24 פוד אין לויטען.
13 פוד 7 לויט—אין זאָלאָטניקעס.
7 פונט 3 לויט 1 זאָלאָטניק—אין דאָלעס.
148 פוד 26 פֿונט 18 לויט 1 זאָלאָט.—אין זאָלאָטניקעס.

**345.** 6 קערץ—אין פֿערטיל (קאַרטאָפֿעל, למשל).
7 קערץ 4 פֿערטיל—אין טעפּ.
15 קערץ 2 פֿערטיל 3 טעפּ—אין קוואַרטירלעך.

**346.** 40 וויאָדער—אין שטאָפֿען.
7 פֿאַס 20 וויאָדער 5 שטאָף—אין שטאָפֿען.

**347.** 7 ריז—אין ליוורעס.
6 ריז 5 ליוורעס—אין בויגען.
25 ריז 2 ליוורעס 12 בויגען—אין בויגען.

**348.** 5 שעה—אין מינוטען.
3 שעה—אין סעקונדען.
5 וואָכען 5 מעת־לעת—אין שעה'ן.
7 וואָכען 2 מעת־לעת 17 שעה—אין שעה'ן.
2 וואָכען 3 מעת־לעת 6 שעה 15 מינוט—אין מינוטען.
1 וואָך 3 מעת־לעת 5 שעה 50 סעקונדען—אין סעקונדען.

פערטוישען:

349. 17000 קאָפּיקעס אויף רובל.
18074 קאָפּיקעס אויף רובל.
84007 קאָפּיקעס אויף רובל.

350. 20000 פעניג אויף מאַרקען.
30400 פעניג אויף מאַרקען.
35005 פעניג אויף מאַרקען.

351. 1860 מעטער אויף קילאָמעטער.
41867 מעטער אויף קילאָמעטער.
60000 מעטער אויף קילאָמעטער.

352. 31460 גראַם אויף קילאָגראַם.
18650 גראַם אויף קילאָגראַם.

353. 100 גראָשען אויף גילדען.
900 גראָשען אויף גילדען.
1865 גראָשען אויף גילדען.

354. 3552 ווערשקעס אויף קלאַפטער.
867345 ווערשקעס אויף וויאָרסטען.

355. 720 פונט אויף פודען.
74718 לויט אויף פודען.
83562 זאָלאָטניקעס אויף פודען.

356. 4728 פערטיל אין קערץ.
375542 טעפ אין קערץ.

357. 5600 שטאָף אויף פעסער.
43567 שטאָף אויף פעסער.

358. 10000 מינוטען אויף שעה׳ן.
35660 סעקונדען אויף שעה׳ן
75600 סעקונדען אויף שעה׳ן

## חִבּוּר.

359. 1865 רובל. | 35 קאפ. 465 רובל. | 93 ק. 3678 רובל.
+ „ 5978 | + „ 5897 „ 60 | + „ 12988 „ 75

360. 190 מעטער 3470 קילאָמעטער | 97 מעטער 18357 קילאָמ.
375 „ 21789 „ + | 978 „ 9648 „ +

845 מעטער 1897 קילאָמעטער
769 „ 3568 „ +

47 סאַנטי. 879 מעטער 45 קילאָמ. | 7 סאנטי. 75 מעטער 1347 קילאָמ.
78 „ 130 „ 99 + | 98 „ = „ 78 „ +

361. 75 פעניג 1840 מארק | 45 פעניג 370 מארק | 70 פעניג 148 מארק
85 „ 175 „ + | 95 „ — | 80 „ 1800 „ +

362. 15 גר. 400 גילדען | 18 גר. 17 גילדען | גר. 1500 גילדען
25 „ 165 „ + | 24 „ 23 „ + | 25 „ 165 „ +

25 גר. 1 גיל.+14 גר. 7 גיל.+9 גר. 28 גיל.+24 גר. 18 גיל.+15 גר. 75 ג.

363. 6 ווערשקעס 1 ארשין 75 קלאפטער | 7 ווערשקעס 2 ארשין 143 קלאפטער
5 „ 2 „ 145 „ + | 9 „ 1 „ 425 „ +

8 צאָל 5 פוס 45 קלאפטער | 9 צאָל 4 פוס 475 קלאפטער
5 „ 3 „ 189 „ + | 3 „ 2 „ 24 „ +

364. 2 זאָלאָטניקעס 18 דויט 13 פונט 4 פוד
2 „ 14 „ 28 „ 5 „ +

2 זאָלאָטניקעס 15 דויט 35 פונט 138 פוד
1 „ 17 „ 15 „ 1845 „ +

365. — 3 טעפ 3 פערטיל 216 קעריך
2 קוואָרט 4 „ 3 „ 145 „ +

3 קוואָרט 516 קעריך
— 2 טעפ 3 פערטיל — +

366. 8 שטאָף 7 עמער 40 פאס
9 „ 34 „ 13 „ +

7 טעפ — עמער 415 פאס
8 „ 19 „ 166 „ +

367. 19 סעקונדעס 45 מינוט 13 שעה 5 מעת-לעת
55 „ 18 „ 12 „ 3 „ +

50 סעקונדעס 35 מינוט 11 שעה 6 מעת-לעת 4 וואָכען
16 „ 30 „ 15 „ 5 „ 3 „ +

---

368. אַ בוכהענדלער האָט געלעזט זונטאָג 185 רובל מיט 25 קאָפּ., מאָנטאָג — 248 מיט 75 קאָפּ., דיענסטאָג — 250 רובל מיט 45 קאָפּ., מיטוואָך — 90 רובל מיט 95 קאָפּ., דאָנערשטאָג — 280 רובל מיט 50 קאָפּ., און פֿרייטאָג — 347 רובל מיט 75 קאָפּ. וויפֿיעל האָט דער בוכהענדלער געלעזט איבער דער וואָך?

369. אַ הענדלערין האָט אויפֿגעקויפֿט אויפֿ'ן מאַרק פֿריהער 5

שאָק 3 מענדעל מיט 3 אייער, נאָכדעם 1 שאָק 2 מענדעל מיט 12 אייער, און צום סוף—2 שאָק און 2 מענדעל אייער. וויפיעל אייער האָט די הענדלערין איינגאַנצען געקויפט?

**370.** דער פּאָרטוגעזער פערדינאַנד מאַגדעלאַן, וואָס האָט דעל ערשטער געמאַכט אַ רייזע אַרום דער ערד, איז אַרויסגעפאָהרען פון דעל היים דעם 18-טען אויגוסט 1519. אויף דער רייזע איז מאַגדעלאַן געהרג׳עט געוואָרען דורך ווילדע מענשען, און זיינע שיפען זענען צוריקגעקומען אין 3 יאָהר מיט 20 טעג אַרום. אין וועלכען טאָג זענען מאַגדעלאַנ׳ס שיפען צוריקגעקומען?

**371.** אין אַ געוועלב האָט מען געבראַכט 3 קעסטלעך צוקער. איינס האָט געוואוינען 12 פוד 38 פונט 27 לויט, דאָס אַנדערע— 13 פוד 29 פונט 22 לויט, און דאָס דריטע — 12 פוד 16 לויט וויפיעל וועגט דער צוקער אין אַלע 3 קעסטלעך?

**372.** אַ סוחר האָט געקויפט פיער זעק קאַווע. אין איינעם איז געווען 3 פוד 14 פונט 12 לויט, אין צווייטען—3 פוד 16 פונט מיט 10 לויט, אין דריטען—3 פוד 10 פונט 13 לויט, און אין פיערטען— גלייך 3 פוד. וויפיעל קאַווע האָט דער סוחר בסך-הכל געקויפט?

**373.** פון איין שטאָדט ביז דער צווייטער זענען דאָ 4 סטאַ-ציעס. פון דער ערשטער סטאַציע ביז דער צווייטער איז 32 וויאָרסט 265 קלאַפטער, פון דער צווייטער ביז דער דריטער—42 וויאָרסט מיט 250 קלאַפטער, און פון דער דריטער ביז דער פיערטער איז 29 וויאָרסט 490 קלאַפטער. ווי ווייט איז צווישען די ביידע שטעדט?

**374.** דער צוג האָט געדאַרפט אָנקומען אויף דער סטאַציע 5 אַ זייגער מיט 50 מינוט, האָט ער פערשפעטיגט אויף אַ שעה מיט 16 מינוט. ווען איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער סטאַציע?

**375.** אַ צייטונג האָט פערברויכט אויף דער מאָרגען-נומער 55 ריז 14 ליבורעס 21 בויגען פאַפיר, און אויף דער נאָכמיטאָג׳דיגער נומער— 22 ריז 7 ליבורעס 15 בויגען פאַפיר. וויפיעל פאַפיר האָט פערברויכט די צייטונג אין משך פון איין טאָג?

**376.** אַ יוד האָט געקויפט אויפ׳ן מאַרק אַ קערץ קאַרטאָפעל פאַר

12 גילדען מיט 20 גראָשען און אַ שאָק איער פֿאַר 6 גילדען מיט 15 גראָשען. וויפֿיעל האָט דער ייד בעצאָהלט פֿאַר דער גאַנצער קניה?

.377 אַ זאַץ מחזורים מיטן בינר האָט געקאָסט 4 מאַרק מיט 50 פֿעניג, און אַ זאַץ חומשים — מיט 3 מאַרק און 60 פֿעניג מעהר. וויפֿיעל קאָסט אַ זאַץ חומשים?

---

# חסור.

.378 75 קאָפּ. 18450 רובל　　50 קאָפּ. 95670 רובל

— , 9698 , 95　　— , 7896 , 75

— קאָפּ. 100000 רובל

— , 3847 , 50

.379 25 פֿעניג 30486 מאַרק　　— פֿעניג 75840 מאַרק

— , 29698 , 40　　— , 5968 , 55

.380 50 סאַנט. 957 מעטער 56840 קילאָמעטער

— , 4000 , 850 , 75

— סאַנט. מעטער 22000 קילאָמעטער

— , 1845 , 80 , 75

.381 15 גראָשען 1200 גילדען　　25 גראָשען 1287 גילדען

— , 65 , 25　　— , 187 , —

.382 15 ווערשקעס 2 אַרשין 2475 קלאַפֿטער

— , 125 , 1 , 13

װערשקעס 189 ארשין קװאַדראַטער

14 „ 1 „ — „ —

**383.** 2 זאָלאָטניק 30 לויט 25 פונט 940 פוד

2 „ 31 „ 25 „ 839 „ —

זאָלאָטניק לויט פונט 2435 פוד

2 „ 31 „ 39 „ —

**384.** 20 מעת-לעת 11 חדשים 1467 יאָהר

23 „ 25 „ 156 „ —

סעקונד. מינוט שעה 1 מעת-לעת

45 „ 7 „ 5 „ — „ —

---

**385.** אַ יונגעל האָט געהאַט 4 גילדען מיט 20 גראָשען, האָט געקויפט אַ היטעל פאַר 3 גילדען מיט 25 גראָשען. וויפיעל געלד איז איהם געבליבען?

**386.** אַ גלאָז מיט וואַסער וועגט 1 פונט 5 לויט 1 זאָלאָטניק, און אַ ליידיג גלאָז—14 לויט 2 זאָלאָטניק 45 דאָלעס. וויפיעל וועגט דאָס וואַסער פון גלאָז?

**387.** מיט וויפיעל יאָהר, חדשים און טעג זענט איהר יונגער פון אייער עלטסטען ברודער? מיט וויפיעל זענט איהר עלטער פון אייער יונגסטער שוועסטער?

**388.** אַ היטעל צוקער האָט געוואויגען ברוטאָ 19 פונט 5 לויט 1 זאָלאָטניק, די טארע האָט געוואויגען 1 פונט מיט 75 זאָלאָטניק. וויפיעל האָט געוואויגען דער צוקער נעטאָ?

**389.** דער בעריהמטער יודישער פילאַנטראָפּ און כלל־טוער משה מאָנטעפיאָרע איז נעשטאָרבען אין ענגלאַנד אין יאָהר 1885 דעם 25־טען יולי, אין עלטער פון 100 יאָהר 10 חדשים מיט 27 טעג, אין וועלכען טאָג, חודש און יאָהר איז מאָנטעפיאָרע נעבוירען?

**390.** אַ תחום־שבת—וואָס קיין ווייטערע שטרעקע טאָר מען אום שבת נישט געהן—האַלט $1120^{1}|_{2}$ מעטער. מיט וויפיעל איז אַ תחום־שבת גרעסער פון אַ קילאָמעטער? מיט וויפיעל זענען 2 קילאָמעטער מעהר פון אַ תחום שבת?

**391.** אַנ'ענגלישע מייל האַלט 1 וויאָרסט 254 קלאַפטער 2 פוס, אַ געאָגראַפישע מייל האַלט 6 וויאָרסט 477 קלאַפטער 6 פוס 9 צאָל, און אַ ים־מייל האַלט 1 וויאָרסט 369 קלאַפטער 3 פוס 2 צאָל די לענג. מיט וויפיעל איז אַ געאָגראַפישע מייל לענגער פון אַ ים־מייל מיט אַנ'ענגלישער מייל צוזאַמען?

**392.** אַ סוחר האָט פערדיענט איבער'ן יאָהר 3500 רובל, האָט ער אויסגעגעבען: אויף דירה—400 רובל אַ יאָהר, אויף בעהייצונג און בעלייכטונג — 145 רובל 50 קאָפיקעס, אויף עסען — 1895 רובל 75 קאָפּיקעס, אויף קליידונג—250 רובל, און אויף פערשיעדענע קליינע הוצאות—245 רובל מיט 50 קאָפיקעס. וויפיעל געלד האָט דער סוחר אָבגעשפאָרט איבער'ן יאָהר?

**393.** איינער האָט געבראַכט קיין וואַרשא אַ וואַגאָן קאַרטאָפעל, כך־הכל 165 קערץ; אין וועג איז אַ טייל געפרוירען געוואָרען, און ס'איז געבליבען 132 קערץ 1 פערטיל און 2 טעפ. וויפיעל קאַרטאָפעל איז אין וועג געפרוירען געוואָרען?

---

## צייט־רעכנונגען.

**394.** דער אָנהויב מעת־לעת רעכענט זיך 12 אַ זייגער ביינאַכט. וויפיעל שעה, מינוטען און סעקונדען איז אַריבער פון אָנהויב מעת־לעת ביז איצט?

.395 וויפיעל צייט איז אריבער פון אנהויב היינטיגען חודש ביז איצט?

.396 וויפיעל צייט איז אריבער פון אנהויב היינטיגען יאהר ביז איצט?

.397 וויפיעל יאהר, חדשים און טעג זענען אריבער פון בריאת העולם ביז איצט?

.398 וויפיעל איז דער זייגער, אויב פון אנהויב מעת־לעת איז אריבער 10 שעה מיט 35 מינוט? 12 שעה מיט 30 מינוט? 14 שעה? 14 שעה מיט 45 מינוט?

.399 קיין ווילנא איז אנגעקומען א פאסאזשיר־צוג 7 א זייגער מיט 15 מינוט אין דער פריה פון ווארשא. ווען איז דער צוג ארויס פון ווארשא, אויב אין וועג איז ער געווען 9 שעה מיט 25 מינוט?

.400 איינער האט געשיקט א בריעף צו זיין זוהן קיין אמעריקא 11 א זייגער ביי־נאכט דעם 27־טען פעברואר 1915 און דער בריעף איז אנגעקומען קיין אמעריקא דעם 10־טען מערץ 10 א זייגער אין דער פריה. וויפיעל צייט איז אריבער פון זינט דער פאטער האט דעם בריעף אוועקגעשיקט, ביז דער בריעף איז אנגעקומען צום זוהן?

.401 דער העברעאישער שרייבער פרץ סמאלענסקין איז געבוירען אין מאנאסטירשצינע, מאהילעווער גובערניע, אין יאהר 1842, און איז געשטארבען אין מעראן אין יאהר 1885. וויפיעל יאהר האט סמאלענסקין געלעבט?

.402 דער גרויסער יודישער פילאזאף משה מענדעלזאהן איז געבוירען אין דעסוי (דייטשלאנד) דעם 6־טען סעפטעמבער 1729 און געשטארבען אין בערלין אין עלטער פון 56 יאהר 7 חדשים און 28 טעג. אין וועלכען טאג, חודש און יאהר איז מענדעלזאהן געשטארבען?

.403 מענדעלי מוכר ספרים (ש. י. אבראמאוויטש) איז געבוירען אין מינסקער גובערניע אין יאהר 1836. וויפיעל יאהר איז אלט דער דאזיגער גרויסער יודישער שרייבער?

.404 דער גרויסער יודישער פאעט חיים נחמן ביאליק איז

אין יאָהר 1909 אַלט געווען 36 יאָהר. אין וועלכען יאָהר איז ביאַליק געבוירען? וויפיעל איז ביאַליק היינט אַלט?

**405.** דער בעריהמטער אַסטראָנאָם מיקאָלאַי קאָפּערניק, וועלכער איז דערגאַנגען, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון, איז געבוירען אין טאָרן דעם 19-טען פעברואַר 1473 און האָט געלעבט 69 יאָהר 2 חדשים 22 טעג. ווען איז קאָפּערניק געשטאָרבען?

**406.** דער גרויסער מאַטעמאַטיקער יצחק ניוטאָן איז גע-שטאָרבען דעם 20-טען מערץ 1727 אין עלטער פון 84 יאָהר 2 חדשים און 23 טעג. ווען איז ניוטאָן געבוירען?

**407.** דער גרויסער פּוילישער דיכטער אַדאַם מיצקע-וויטש איז געבוירען דעם 24-טען דעצעמבער 1798 און געשטאָרבען דעם 26-טען נאָוועמבער 1855. וויפיעל יאָהר האָט מיצקעוויטש גע-לעבט?

**408.** נאַפּאָלעאָן דער ערשטער איז געשטאָרבען דעם 23-טען אַפּריל 1821. ווען איז נאַפּאָלעאָן געבוירען, אַז געלעבט האָט ער 51 יאָהר 8 חדשים מיט 19 טעג?

---

## כּפל.

**409.** 30 קאָפּ. 12350 רובל × 3    75 קאָפּ. 27345 רובל × 6

**410.** 75 פעניג 745 מאַרק × 12    55 פעניג 18970 מאַרק × [illegible]

**411.** 25 גר. 1845 גילדען × 23    45 גר. 8760 גילדען × 30

412. 5 וויערשק. 2 ארשין 15 קלאפטי. × 14 ‏‏— 15 וויערשק. 1 ארשין 95 קלעפטי. 1 וויארטס × 45

413. 3 טעם 5 פערטיל 8 קערין × 60 ‏‏— 4 טעם 12 קערין × 15

414. 1 זאלאט. 20 לויט 8 פונט 1 פוד × 48 ‏‏— 12 לויט 8 פוד × 24

415. 25 סעק. 15 מינוט 4 שעה × 25 ‏‏— 57 מינוט 3 מעת-לעת × 70

---

416. איין אַקציע פֿון דער יודישער קאָלאָניאַל-באַנק קאָסט 8 רובל 50 קאָפּ. וויפֿיעל קאָסטען 25 אַזוינע אַקציעס?

417. אין וויפֿיעל וועט זיך פֿערשפּעטיגען אַ זייגער אין משך פֿון 3 חדשים, אויב יעדען טאָג פֿערשפּעטיגט ער זיך אין 6 מינוט?

418. נח'ס תיבה האָט געהאַלטען 300 איילען די לענג, 50 איילען די ברייט און 30 איילען די הויך. ווי לאַנג, ברייט און הויך איז געוועזען נח'ס תיבה, אויב אַ דעמאָלדיגע אייל האָט געהאַלטען 1 פֿוס 9 צאָל און 5 ליניעס?

419. דער טריט פֿון אַ מענשען האַלט אונגעפֿעהר 1 פֿוס 11 צאָל. אַ יונגעל האָט אָבגעצעהלט, אַז פֿון זיין שטוב ביז דער שול איז דאָ 845 טריט. ווי וויַיט איז פֿון דער שול ביז דעם יונגעל'ס שטוב?

420. די לבנה מאַכט אַן ענגול אַרום דער ערד אין משך פֿון 27 טעג 7 שעה 43 מינוט 11 סעקונדען. ווי לאַנג דויערט, אַז די לבנה זאָל 7 מאָל זיך אַרומדרעהען אַרום דער ערד?

421. אַ גאָלד-שמיעד האָט געמאַכט אַ טוץ גאָלדענע קייטלעך,

וואָס יעדערע פֿון די זאַץ געוואויגען 4 לויט 2 זאָלאָטניק 15 דאָלעס. וויפֿיעל גאָלד האָט דער גאָלד־שמיעד פֿערנוצט אויף די קייטלעך?

**422.** כדי צו מאַכען קויהלען, ברענט מען האָלץ, נור מען לאָזט עס נישט איינגאַנצען זיך אויסברענען, עס זאָל נישט פֿערברענט ווערען אויף אַש. פֿון אַ פּוד האָלץ בלייבט 9 פֿונט 18 לויט 2 זאָלאָטניק קויהלען. וויפֿיעל קויהלען איז אַרויסגעקומען פֿון 24 בוימער, וואָס יעדערער האָט געוואויגען צו 15 פּוד?

**423.** אַ שאָק אייער פֿאַר פּסח האָט געקאָסט 5 גילדען מיט 20 גראָשען. וויפֿיעל האָט בעצאָהלט אַ בעל־הבית'טע, וואָס האָט געקויפֿט 5 שאָק אייער?

**424.** קאַקאַאָ ווערט געמאַכט פֿון קערנער, וואָס וואַקסען אויף אַ בוים, הויפּטזעכליך אין דרום־אַמעריקאַ. פֿון דיזעלבע קערנער מאַכט מען אויך שאָקאָלאַד. ווייל עס וואַקסט נישט ביי אונז, קאָסט עס טייער. איין פֿונט קאַקאַאָ קאָסט 2 מאַרק 50 פֿעניג. וויפֿיעל קאָסט אַ פּוד קאַקאַאָ?

**425.** אַ קאָלאָניסט האָט פֿערזייהט מיט ווייץ 10 חלוק ערד צו איין פֿערטיל מיט 7 טעפּ אויף יעדען חלוק. דאָס געראָטעניש איז געווען דריי מאָל אַזוי פֿיעל. וויפֿיעל ווייץ האָט דער קאָלאָניסט אַראָבגענומען פֿון פֿעלד?

---

# חלוק.

**426.** =5 : 25 ק. 1975 רובל.

**427.** =6 : 60 פֿענ. 2877 מאַרק.

**428.** =32 : 16 לויט 28 פונט 112 פּוד.

**429.** =8 : 16 בוינען 15 ליטרעס 40 ריז.

**430.** 35 : 40 וואָכען.

---

431. 18 לויט : 10 פונט 56 פוד (דאָס הייסט וויפיעל מאָל 18 לויט איז דאָ אין 56 פוד 10 פונט)

432. 4 שטאָף 3 עמער : 8 עמער 78 פאַס.

433. 1 זאָלאָטניק 14 לויט 10 פונט 68 פוד : 1 זאָל. 15 לויט 24 פונט 682 פוד.

434. 18 סעקונדען 26 מינוט 3 שעה : 36 מינוט 4 שעה 34 מעת־לעת.

435. =12 בויגען 15 ליוורעס : 12 בויגען 13 ליוורעס 28 ריז

436. =5 פוס 318 קלאַפטער : 2 פוס 143 קלאַפטער 8 וויאָרסט

---

437. אַ פונט טהיי קאָסט 1 רובל מיט 92 קאָפּיקעס. וויפיעל דאַרף קאָסטען 2 פונט מיט 18 לויט?

438. אַ סוחר האָט געקויפט אַ קאַסטען צוקער, 10 פוד מיט 15 פונט, פאַר 49 רובל מיט 80 קאָפּ. וויפיעל דאַרף ער נעהמען פאַר אַ פונט צוקער, ווען ער וויל פערדיענען 1,20 אויפ'ן פוד?

439. אַ יוד האָט געקויפט אַ יודישע ענציקלאָפּעדיע פון 12 בענדער פאַר 52 רובל 20 ק. וויפיעל האָט ער געצאָהלט פאַר יעדען באַנד?

440. אין אַ פאַבריק פון העפטען האָט מען פון 3 ריז 10 ליוורעס און 20 בויגען פאַפּיר געמאַכט העפטען צו 4 בויגען אויף אַ העפט. וויפיעל טוץ העפטען איז פון דעם פאַפּיר אַרויסגעקומען?

441. אַ פאַכטער האָט פערקויפט פוטער צוויי קונים: איינעם — 2 פוד מיט 10 פונט, און דעם צווייטען — 1 פוד מיט 17 פונט. וויפיעל האָט דער פאַכטער געלעזט פוןביידע קונים, אַז ביים ערשטען האָט ער געלעזט 36 רובל מיט 90 קאָפּיקעס?

442. פון 8 פונט רויהען קאַווע קומט אַרויס 6 פונט מיט 16 לויט געברענטער קאַווע. וויפיעל רויהען קאַווע בעדאַרף מען האָבען צום איבערברענען 78 פונט קאַווע?

443. אַ גאָלד־שמיעד האָט געהאַט 3 פונט מיט 26 לויט גאָלד. פון דעם גאָלד האָט ער געמאַכט 7 פינגערלעך צו 5 לויט מיט 2 זאָלאָטניק יעדער, און פונ'ם רעשט האָט ער געמאַכט קייטעלעך צו 6 לויט

מיט 1 זאָלאָטניק, וויפיעל קיטעליך האָט ער גענומען?

**444.** אַ זייגער האָט זיך געשפּעטיגט אין איין מינוט און איין סעקונדע אין אַ מעת־לעת. אין וויפיעל צייט וועט דער זייגער זיך פערשפּעטיגען אין 6 שעה 9 מינוט מיט 3 סעקונדען?

**445.** דאָס קול געהט־דורך אין דער לופט אין 8 סעקונדען 2 ווערסט 264 קלאַפטער און 1 אַרשין, און אין וואַסער, אין דער זעלבער צייט, געהט־דורך דאָס קול 10 ווערסט 380 קלאַפטער מיט 2 אַרשין. מיט וויפיעל ווערסט געהט דאָס קול דורך אין יעדער סעקונדע אין וואַסער מעהר, ווי אין דער לופט?

**446.** עס איז בעוואוסט, אַז די ליכטיגקייט געהט־דורך אין אַ סעקונדע 40228 מייל מיט 5 ווערסט. ווי לאַנג דויערט, אַז אַ שטראַהל פון דער זון זאָל צוקומען צו דער ערד, אַז דער מרחק פון דער זון ביז דער ערד־ איז 140237298 ווערסט?

**447.** פון אַ פונט מעהל באַקט זיך אוים 1 פונט מיט 11 לוט ברויט. וויפיעל מעהל בעדאַרף מען האָבען אויף 646 ברויטען צו 3 פונט יעדערער?

---

## אַלע פיער האַנדלונגען.

**448.** אַ מוכר־ספרים האָט פערקויפט 36 עקזעמפּלאַרען רעכענביכער פאַר 19,80 רובל. וויפיעל האָט ער גערעכענט איין עקזעמפּלאַר?

**449.** אַ קוה גיט מען יעדען טאָג 25 גראַם זאַלץ, 12 קילאָגראַם מיט 300 גראַם היי, $6^1|_2$ קילאָגראַם קאַרטאָפעל און 3 קילאָגראַם מיט 200 גראַם קלייען. אויף וויפיעל טעג וועט קלעקען פאַר דער קוה 1 קילאָגראַם זאַלץ? 61 קילאָגראַם מיט 500 גראַם היי? 52 קילאָגראַם קאַרטאָפעל? 19 קילאָגראַם מיט 200 גראַם קלייען?

**450.** אין וויפיעל וועט דער זייגער זיך פערשפּעטיגען אין אַ וואָך, אויב אין אַ טאָג פערשפּעטיגט ער זיך אין איין מינוט מיט 12 סעקונדען?

**451.** ווי לאַנג דאַרף דויערן, דער זינגער זאָל אײַנלויפֿען אין 2 שעה מיט 20 מינוט, יוען יעדען טאָג לויפֿט ער אײַן אין 4 מינוט מיט 40 סעקונדען?

**452.** אַ דאָרפֿסמאַן האָט געבראַכט אין שטאָדט צוויי פֿוהרען קאַרטאָפֿעל. אויף איין פֿוהר איז געווען 4 קערץ, און אויף דער צווייטער פֿוהר — 3 פֿערטעל מיט 5 מעפ. פֿאַר אַ קערץ קאַרטאָפֿעל האָט ער געהאַלט 8 גילדען מיט 16 גראָשען. וויפֿיעל דאַרף ער נעהמען פֿאַר דעם גאַנצע קאַרטאָפֿעל?

**453.** אַ צוג איז אָבגעגאַנגען אין 8 שעה מיט 20 מינוטען 370 וויאָרסט. וויפֿיעל געהט ער אָב אין אַ שעה?

**454.** אין צוויי קעסטלעך איז געווען 28 פֿונט 16 לויט טהיי, ווען פֿון ביידע קעסטלעך האָט מען אַרויסגענומען אַ גלייכען טייל טהיי, איז אין איינעם געבליבען 8 פונט 20 לויט, און אין צווייטען — 4 פֿונט מיט 12 לויט. וויפֿיעל טהיי איז געווען אין יעדען קעסטעל אין אָנהויב?

**455.** גאָלד און זילבער נוצט מען נישט ריינע, נור אויסגעמישט מיט אַנדערע איינפאַכע מעטאַלען, דעריבער שטעלט מען אויף גאָלדענע און זילבערנע חפֿצים אַ פּ ר אָ ב ע, ד. ה. וויפֿיעל זאָלאָטניק ריינעם גאָלד מען האָט גענומען אויף יעדען פֿונט. אַזוי בעדייט די פּראָבע 56, אַז מען האָט גענומען 56 זאָלאָטניק ריינעם גאָלד אויף יעדען פֿונט. גאָלדענע חפֿצים, וואָס וועגען 34 פֿונט, האָבען ענטהאַלטען אין זיך 19 פֿונט 26 לויט 2 זאָלאָטניק ריינעם גאָלד. וואָס פֿאַר אַ פּראָבע איז אויף זיי געשטאַנען? (ד. ה. וויפֿיעל זאָלאָטניק ריינעם גאָלד האָט מען אויסגענוצט אויף יעדען פֿונט).

**456.** וויפֿיעל ברויט וועט אַרויסקומען פֿון 15 קערץ קאָרן, יוען פֿון איין קאָרץ קומט־אַרויס 7 פּוד 26 פֿונט מעהל, און פֿון אַ פֿונט מעהל — 1 פֿונט 11 לויט ברויט?

**457.** אַ מאַשין האָט אין יעדע 5 מינוט 16 סעקונדען אויסגעצויגען 16 קלאַפטער 6 פֿוס 6 צאָל דראָט. ווי לאַנג וועט זײַן דאָס דראָט, וואָס די מאַשין וועט אויסציהען אין 1 שעה 15 מינוט 13 סעקונדען?

458. אַ קופּער־שמיעד האָט פּערקויפט 18 פענדלעך, וואָס יעדערע פון זיי האָט געוואויגען צו 8 פונט 8 לויט, און 12 קעסלען צו 25 פונט 15 לויט. וויפיעל געלד האָט דער קופּער־שמיעד פאַר דעם אַלעמען אָבגענומען, אויב פאַר אַלע קעסלען האָט ער בעקומען מיט 100 רובל 56 קאָפּ. מעהר, ווי פאַר אַלע פענדלעך?

459. אַ גוט־בעזיצער האָט אויסגעמישט 3 סאָרטען קאָרן. פון ערשטען סאָרט האָט מען גענומען 70 קערין 2 פערטיל, פון צווייטען סאָרט—63 קערין 6 פערטיל, און פון דריטען סאָרט—87 קערין 5 פערטיל. וויפיעל וועגט די גאַנצע תבואָה, אויב אַ קערין פון ערשטען סאָרט וועגט 9 פוד, פון צווייטען סאָרט—8 פוד 32 פונט, און פון דריטען סאָרט—8 פוד 24 פונט?

460. אַ סוחר האָט געקויפט טוך צו 3 רובל 40 קאָפּיקעס אַן אַרשין. 116 אַרשין פון דעם טוך האָט ער פערקויפט קרן, דאָס איבעריגע—צו 4,12 רובל (4 רובל 12 קאָפּיקעס), און האָט געהאַט בסך־הכל 403,20 רובל ריוח. וויפיעל האָט דער סוחר בעצאָהלט פאַר דאָס גאַנצע טוך?

461. צוויי נאָדל־שמיעדען האָבען געקויפט אַ שטיק נאָדל פון 6 פונט 3 לויט 1 זאָלאָטניק. וויפיעל נאָדל דאַרף בעקומען יעדערער פון זיי, ווען איינער האָט געגעבען אויף דער קניה 739,80 רובל, און דער צווייטער—2424,60 רובל?

462. פון איין פוד ווייץ קאָן אַרויסקומען 28 פונט 4 לויט מעהל. אַ סוחר האָט פערקויפט דאָס אָבגעמאָהלענע מעהל צו 1.80 רובל אַ פוד און געלעזט 162 רובל. וויפיעל האָט דער סוחר געצאָהלט פאַר אַ פוד ווייץ, אויב אויף דער גאַנצער קניה האָט ער פערדיענט 18,64 רובל?

463. ווען אַ וואסער־מיהל זאָל אַרבייטען 10 שעה א טאָג, וועט זי אין 5 טעג אָבמאָהלען 875 פוד מעהל. וויפיעל מעהל וועט די מיהל אָבמאָהלען אין 7 טעג, ווען זי וועט אַרבייטען 14 שעה אַ טאָג?

464. אַ פונט טהיי איז צעהן מאָל טייערער פון אַ פונט צוקער. אַ סוחר האָט פערקויפט איין טאָג 30 פונט צוקער און טהיי, די לעצטע—צו 1,80 רובל אַ פונט. אינאיינעם האָט דער סוחר געלעזט 50,40 רובל. וויפיעל טהיי האָט ער פערקויפט?

.465 8 פונט צוקער קאָסט אַזוי פיעל, וויפיעל אַ פונט טהיי; 5 פונט קאַווע קאָסט טייערער פון אַ פונט טהיי מיט 2,55 קאָפּ. וויפיעל קאָסט אַ פונט קאַווע, ווען אַ פונט צוקער קאָסט 15 קאָפּ.?

.466 גאָלד, אַז מען לעגט אַריין אין וואַסער, פערליערט עס אַ ניינצעהנטעל פון זיין וואָג. וויפיעל ועט וועגען אין וואַסער אַ שטיק גאָלד פון 2 פונט 8 לויט 1 זאָלאָטניק 68 דאָלעס?

.467 זילבער פערליערט אין וואַסער אַ צעהנטעל פון זיין וואָג. וויפיעל וועגט אין וואַסער אַ שטיק זילבער פון 1 פונט 42 זאָלאָטניק 52 דאָלעס?

.468 1000 זילבערנע רובל האָבען די וואָג פון 1 פוד 8 פונט 79 זאָלאָטניק 48 דאָלעס. וויפיעל וועגט איין זילבערנער רובל?

.469 אַ יענער האָט איינמאָל געחאַפּט אַ האָז, האָט ער איהם גע'הרג'עט און די פעל פערקויפט פאַר 10 קאָפּיקעס. קלערט ער זיך אַזוי: פאַר די 10 קאָפּיקעס וועל איך קויפען פולווער און וועל דעם צווייט'ען חודש דערשיסען 10 האָזען, זייערע פעלכלעך וועל איך פערקויפען צו 10 קאָפּיקעס און וועל ווידער קויפען פולווער און וועל דעם דריטען חודש שיסען 10 מאָל אַזוי פיעל האָזען. אַזוי וועל איך טהון גאַנצע 7 חדשים כסדר.—בערעכענט, וויפיעל האָזען וואָלט דער יענער אויף אַזאַ אופן געשאָסען אין די 7 חדשים, און וויפיעל געלד וואָלט ער פערדיענט, ווען דער פלאַן זאָל זיך איהם געווען איינגעגעבען?

.470 אַ סוחר האָט געהאַט 5 געוויכטער: פון 1 פונט, פון 3 פונט, פון 9 פונט, פון 27 פונט און פון 81 פונט, און מיט די וואָגען האָט ער געקאָנט אָבוועגען, וויפיעל פונט ער האָט נור געוואָלט, ביז 121 פונט. בערעכענט, ווי אַזוי האָט ער עס געוואוינען?

.471 די עלטסטע רוסישע אוניווערזיטעט (די מאָסקווער) איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 1755, דעם 12-טען יאַנואַר. וויפיעל צייט עקזיסטיר'ט די מאָסקווער אוניווערזיטעט?

.472 די שטאָדט רוים איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָהר 753 פאַר דער איראָפּעאישער צייט-רעכענונג; אין 64-טען יאָהר איז

רוים אָבגעבערענט געוואָרען. ווי לאַנג איז, אַז רוים איז געגרינדעט געוואָרען? וויפֿיעל יאָהר האָט רוים עקזיסטירט ביז דער שרפה? ווי לאַנג איז פֿון דער שרפה ביז איצט?

**473.** כדי מען זאָל זיך קאָנען אָריענטירען גענוי, וואו אויף דער ערד עס געפֿינט זיך יעדעס לאַנד, ים, טייך, באַרג, שטאָדט א. א. וו., שטעלט מען זיך פֿאָר אויף דער גאַנצער ערד פֿערשיעדענע ליניעס אין פֿערשיעדענע ריכטונגען (אויף אַ גלאָבוס זענען די ליניעס איינגעמאָלט). איין ליניע, וואָס געהט אַרום=און=אַרום דער ערד אין סאַמע מיטען, הייסט עקוואַטאָר; דער עקוואַטאָר ווערט צוטיילט אויף 360 גלייכע טיילען (גראַד); יעדער גראַד האָט 15 געאָגראַפֿישע מייל (אַ מייל — 7 וויאָרסט). ווי לאַנג דאַרף דויערן צו מאַכען אַ רייזע אַרום דער ערד אויפֿ'ן עקוואַטאָר, ווען מען זאָל יעדען טאָג אָבפֿאָהרען 45 וויאָרסט?

**474.** אַנ'איינפֿאַל. אַ פֿויערטע האָט פֿערקויפֿט קורטשאַקלעך. איין קעבין האָט געקויפֿט אַ העלפֿט פֿון אַלע איהרע קורטשאַקלעך מיט נאָך אַ האַלבען. איז געקומען אַ צווייטע קעבין און האָט געקויפֿט אַ העלפֿט פֿון די געבליבענע קורטשאַקלעך און נאָך אַ האַלבען. נאָכדעם איז געקומען אַ דריטע קעבין און האָט געקויפֿט ווידער אַ העלפֿט פֿון אַלע קורטשאַקלעך און נאָך אַ האַלבען. דעמאָלט האָט די פֿויערטע מעהר קיין קורטשאַקלעך שוין נישט געהאַט. וויפֿיעל קורטשאַקלעך האָט אינגאַנצען פֿערקויפֿט די פֿויערטע, אַז אַלע קעבינס האָבען געקויפֿט בלויז לעבעדיגע קורטשאַקלעך?

**475.** איין חבר האָט אַמאָל געפֿרעגט ביים צווייטען, וויפֿיעל תלמידים עס זענען דאָ אין זיין קלאַס, האָט דער חבר געענטפֿערט: ווען מען זאָל צו דער צאָהל קינדער פֿון קלאַס צולעגען נאָך אַמאָל אַזוי פֿיעל און נאָך אַ העלפֿט און נאָך אַ פֿערטיל פֿון דער צאָהל, וואָס איז דאָ, און אויך זיך אַליין, וועלען זיין בסך-הכל 100 תלמידים. וויפֿיעל תלמידים זענען געווען אין קלאַס?

# VII

## קוואַדראַט־מאָסען.

**476.** מאַך אין העפט אַ פיגור, 5 קוואַדראַט (קעסטעלעך) די לענג און 2 קוואַדראַט די ברייט, אַזוי:



איצט צעהל־איבער, וויפיעל קוואַדראַטען זענען דאָ אין דער פיגור?

**477.** איצט מאַך נאָך אַ פיגור, וואָס האָט 5 קוואַדראַט אין דער לענג און 3 קוואַדראַט אין דער ברייט, און צעהל־איבער, וויפיעל קוואַדראַט איז דאָ אין דער צווייטער פיגור. מיט וויפיעל קוואַדראַט איז אין דער צווייטער פיגור דאָ מעהר, ווי אין דער ערשטער? פאַרוואָס מיט 5? און וויפיעל קוואַדראַט וועט זיין אין אַ פיגור, וואָס וועט האָבען 5 קוואַדראַט די לענג און 4 קוואַדראַט די ברייט? 5 קוואַדראַט די לענג און 5 קוואַדראַט די ברייט?

**478.** מאָל־אויס אין העפט אַ קוואַדראַט פון אַ קלאַפטער די לענג און אַ קלאַפטער די ברייט, אָננעהמענדיג אַ קעסטעלע אין העפט פאַר אַנ'אַרשין; צעהל־איבער וויפיעל קוואַדראַט־אַרשין, ד. ה. וויפיעל קעסטעלעך פון אַנ'אַרשין די לענג און אַנ'אַרשין די ברייט איז דאָ אין אַ קוואַדראַט־קלאַפטער. וויפיעל קוואַדראַט־אַרשין וועט זיין אין אַ פיגור פון 1 קלאַפטער די לענג און 1 אַרשין די ברייט? פון 1 קלאַפטער די לענג און 2 אַרשין די ברייט?

**479.** זאָל איין תלמיד אויסמעסטען די טיש־ברעט אין דער לענג און אין דער ברייט מיט אַ סאַנטימעטער; זאָלען אַלע תלמידים בערעכענען, וויפיעל קוואַדראַט־סאַנטימעטער עס האָט דער אויבערפלאַך פון טיש?

480. מעסט־אויס די פּאָדלאָגע אין קלאַס אין דער לענג און אין דער ברייט און בערעכענט, וויפיעל קוואַדראַט־אַרשין עס האַלט דער שטח פון דער פּאָדלאָגע.

481. אויף אַזאַ אופן מעסט־אויס ביי אייך אין דער היים די פּאָדלאָגעס פון אַלע צימערן און בערעכענט זייער שטח אין קוואַדראַט־אַרשין.

482. וויפיעל קעסטעלעך איז דאָ אויף איין זייטעל פון העפט אין דער לענג? (צעהלט־איבער). וויפיעל קעסטעלעך איז דאָ אין דעמ־זעלבען זייטעל אין דער ברייט? איצט בערעכענט, נישט־צעהלענ־דיג, וויפיעל אַזוינע קעסטעלעך איז דאָ אין דעם גאַנצען זייטעל. פּראָוואָם אַזוי פיעל?

483. וויפיעל קוואַדראַט־אַרשין איז דאָ אין 1 קוואַדראַט־קלאַפטער? וויפיעל קוואַדראַט־אַרשין איז דאָ אין 304 קוואַדראַט־קלאַפטער 4 קוואַדראַט־אַרשין? וויפיעל קוו.־אַרשין איז דאָ אין קוואַדראַט־וויאָרסט? וויפיעל קוו.־צאָל איז דאָ אין 15 קוו.־קלאַפטער 3 קוו.־פוס? וויפיעל קוו.־קלאַפטער איז דאָ אין 13 קוו.־וויאָרסט 25 קוו.־קלאַפטער?

484. וויפיעל קוו.־מעטער איז דאָ אין 1 קוו.־קילאָמעטער? אין 2 קוו.־קילאָמעטער 75 קוו.־מעטער?

485. וויפיעל קוואַדראַט־קלאַפטער איז דאָ אין 36350 קוו.־ווערשקעס? אין 18470 קוו.־צאָל? אין 45789 קוו.־פוס? וויפיעל קוו.־וויאָרסט איז דאָ אין 5683470 קוו.־קלאַפטער? 1750860 קוו.־קלאַפטער?

486. וויפיעל קוו.־מעטער איז דאָ אין 53867 קוו.־סאַנטי־מעטער? אין 100000 קוו.־סאַנטימעטער? וויפיעל קוו.־קילאָמעטער איז דאָ אין 1000000 קוו.־מעטער? אין 186755 קוו.־סאַנטימעטער?

487. אין אַזיען געהער־אָן צו רוסלאַנד אַ שטח לאַנד פון 300000 קוו.־מייל. אויב די ברייט פון רוסיש־אַזיען האַלט פונקט 200 מייל, ווי לאַנג איז דאָס לאַנד?

488. דייטשלאַנד האַלט 10000 קוו.־מייל, וויפיעל האַלט

דייטשלאַנד אין דער לענג, אויב די ברייט איז אַנ'ערך 80 מייל?

**489.** אַמעריקאַ האַלט 750 טויזענד קוו.-מייל. וויפיעל אַנ'ערך מייל האַלט די לענג פון אַמעריקאַ, אויב מיר זאָלען זיך פאָרשטעלען איהר דורכשניטליכע ברייט אויף 600 מייל?

**490.** ארץ-ישראל האַלט אין דער לענג אַנ'ערך 552 קילאָמע-טער, און אין דער ברייט—348 קילאָמעטער. וויפיעל קוו.-קילאָמעטער האַלט ארץ-ישראל?

**491.** אַ קאָלאָניסט האָט פערזייהט אַ פעלד מיט האָבער. די לענג פון פעלד איז 1 וויאָרסט 60 קלאַפטער, די ברייט—240 קלאַפ-טער. אויף יעדען דעסיאַטין האָט ער געזייהט 7 פערטיל מיט 6 טעפ, און דאָס גערעטעניש איז געוועזן 5 מאָל אַזוי פיעל. וויפיעל האָבער האָט דער קאָלאָניסט אַראָבגענומען פון פעלד? (אַ דעסיאַטין ענטהאַלט 2400 קוו.-קלאַפטער).

**492.** אין וואַרשא קאָסט ערד זעהר טייער. אין דער ביליגסטער געגענד קאָסט אַ קוו.-קלאַפטער ערד 24,50 רובל. וויפיעל דאַרף קאָ-סטען לויט דעם פרייז אַ פלאַץ, וואָס האָט 30 קלאַפטער 2 פוס די לענג און 28 קלאַפטער 5 פוס די ברייט?

**493.** איינער איז אַרומגעגאַנגען אַרום אַ פיער-קאַנטיג פעלד אין משך פון 40 מינוט, געהענדיג אין אַ מינוט 38 קלאַפטער 1 אַרשין. ווי גרויס איז דער שטח פון פעלד, אַז די לענג איז 436 קלאַפטער 2 אַרשין?

**494.** וויפיעל דאַרף קאָסטען פאָליטורען אַ שראַנק פון פאָרנט און פון ביידע זייטען, אַז די ברייט פון שראַנק איז 2 אַרשין מיט 4 ווערשקעס, די טיעף—12 ווערשקעס, און די הויך—3 אַרשין, און 1 קוו.-אַרשין פאָליטורען קאָסט 75 קאָפּיקעס?

# VIII

## קוביק־מאָסען.

**495.** נעהמט אַ קאַרטאָפֿעל און שנײַדט איהם אַרום אַזוי, אַז ער זאָל בעקומען אַ פֿאָרם פֿון אַ פֿיער־קאַנטיג קעסטעל (קוביק) און אַז אַלע פֿיער זײַטען זאָלען זײַן איין גרויס. שטעלט אייך פֿאָר, אַז יעדע זײַט פֿון דעם קאַרטאָפֿעל האַלט, למשל, 3 סאַנטימעטער, צוטיילט דעם קאַרטאָפֿעל אויף סאַנטימעטער און צייכֿענט־אָן מיט אַ מעסער די סאַנטי־מעטער אין אַלע ריכֿטונגען, אַזוי: בערעכֿענט איצט, ווי־פֿיעל קוביק־סאַנטימעטער דער דאָזיגער קוביק ענטהאַלט? (אין דעם אויבערשטען פֿלאַך—9, אין דעם מיטעלסטען—9, און אין דעם אונטערשטען—9; (3×9=27) ; איצט צושנײַדט דעם קאַרטאָפֿעל אין די ערטער, וואו עס איז אָנגעצייכֿענט, וועט איהר זעהן, צי עס איז טאַקע דאָ אַזוי פֿיעל קוביק־סאַנטים. אין דעם קוביק?



**496.** בערעכֿענט וויפֿיעל קוביק־ווערשקעס איז דאָ אין אַ קוביק־אַרשין? וויפֿיעל קוביק־סאַנטימעטער איז דאָ אין אַ מעטער?

**497.** וויפֿיעל קוביק־צאָל איז דאָ אין 12 קוביק־קלאַפֿטער 40 קוביק־פֿוס 1150 קוביק־צאָל?

**498.** וויפֿיעל קוביק־קלאַפֿטער איז דאָ אין 87600 קוביק־ווערשקעס? אין 8000000 קוביק־פֿוס?

**499.** מעסט־אויס דעם קלאַס אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער הויך, און בערעכֿענט, ווי גרויס איז דער אומפֿאַנג פֿון קלאַס? וועגט־אָב 1 פֿונט וואַסער; אַ פֿונט וואַסער פֿערנעהמט 25 קו־ביק־צאָל, קופּער וועגט 9 מאָל אַזוי פֿיעל. בערעכֿענט, וויפֿיעל וועגט אַ קוביק קופּער, וואָס יעדע זײַט זײַנע האַלט 1 פֿוס 3 צאָל?

**500.** אין אַ שפּייכֿלער זענען געווען צוויי תבואה־קאַסטענס. איין קאַסטען האָט געהאַלטען 1 קלאַפֿטער 3 פֿוס די לענג, 5 פֿוס די ברייט

און 1 קלאַפטער 1 פוס די הויך; דער צווייטער קאַסטען האָט געהאַל־
טען 1 קלאַפטער 5 פוס די לענג, 5 פוס די ברייט און 1 קלאַפטער
3 פוס די הויך. וויפיעל קערן תבואה קאָן מען אַריינשיטען אין די
ביידע קאַסטענס, אַז איין קאָרן פערנעהמט 1600 קוביק־צאָל?

**501.** אַ קוביק־צאָל שטוב־וואַסער וועגט 1 לויט 1 זאָלאָטניק. וויפיעל וועגט אַנ׳עמער וואַסער, אויב דער אומפאַנג פון אַנ׳עמער איז 750 קוביק־צאָל?

**502.** אַנ׳עמער ספירט וועגט 24 פונט. וויפיעל וועגט 1 קו־ביק־צאָל ספירט, אויב דער אומפאַנג פון אַנ׳עמער איז 750 קוב.־צאָל?

**503.** אַ קוביק־פוס לופט וועגט 8 זאָלאָטניק 48 דאָלעס. וויפיעל וועגט די לופט אין קלאַס?

**504.** מעסט־אוים דעם קלאַס און בערעכענט, וויפיעל דאַרף קאָסטען מאָלען דעם קלאַס מיט אייל־פאַרב, ווען יעדער קוו.־מעטער קאָסט 55 קאָפּיקעס? (דעם שטח פון די פענסטער, טהירען און אויוועגס דאַרף מען אַראָברעכענען פון גאַנצען שטח פון קלאַס).

---

## IX

## פּראָצענט־רעכענונגען.

---

**505.** אַ סוחר האָט געהאַט פון יעדען רובל, וואָס ער האָט אַריינגעלעגט אין געשעפט, 5 קאָפּיקעס אַ יאָהר ריוח. וויפיעל ריוח האָט דער סוחר געהאַט פון 10 רובל? פון 15 רובל? פון 35 רובל? פון 75 רובל?

**506.** פון 100 רובל איז געווען ריוח 6 רובל. וויפיעל ריוח איז געווען פון 300 רובל? פון 500 רובל? פון 1900 רובל? פון 32500 רובל? פון 50000 רובל?

**507.** (די צאָהל קאָפּיקעס ריוח פֿון איין רובל און די צאָהל רובל ריוח פֿון איין הונדערט רובל אין איין יאָהר רופֿט מען פּראָצענט. אַזוי, למשל, 5 קאָפּיקעס ריוח אין איין יאָהר פֿון אַ רובל הייסט 5 פּראָצענט ($5^0|_0$), דאָסזעלבע 5 רובל ריוח אַ יאָהר פֿון 100 רובל איז אויך $5^0|_0$). וויפֿיעל ריוח וועט זיין פֿון 101 רובל אויף $6^0|_0$? פֿון 508 רובל אויף $4^0|_0$? פֿון 610 רובל אויף $3^0|_0$? פֿון 870 רובל אויף $7^0|_0$? פֿון 1890 רובל אויף $6^0|_0$?

**508.** וויפֿיעל ריוח וועט זיין פֿון 5675 רובל אויף $4^0|_0$? פֿון 15895 רובל אויף $5^0|_0$? פֿון 424 רובל אויף $2^1|_2{}^0|_0$? פֿון 2008 רובל אויף $4^1|_2{}^0|_0$? פֿון 1875 רובל אויף $6^1|_4{}^0|_0$?

**509.** וויפֿיעל ריוח וועט זיין פֿון 8 רובל אויף $5^0|_0$ אין 3 יאָהר?

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| „ „ „ „ „ 50 | „ „ | $3^0|_0$ | „ 4 | „ |
| „ „ „ „ „ 75 | „ „ | $4^0|_0$ | „ 5 | „ |
| „ „ „ „ „ 500 | „ „ | $5^0|_0$ | „ 5 | „ |
| „ „ „ „ „ 1700 | „ „ | $2^0|_0$ | „ 2 | „ |
| „ „ „ „ „ 2890 | „ „ | $3^0|_0$ | „ 3 | „ |
| „ „ „ „ „ 5675 | „ „ | $2^0|_0$ | „ 4 | „ |
| „ „ „ „ „ 7895 | „ „ | $3^0|_0$ | „ 2 | „ |
| „ „ „ „ „ 1897 | „ „ | $4^1|_2{}^0|_0$ | „ 3 | „ |

**510.** וויפֿיעל ריוח וועט זיין פֿון 100 ר. אויף $5^0|_0$ אין 6 חדשים?

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| „ „ „ „ „ 250 | „ „ | $6^0|_0$ | „ $^1|_4$ | יאָהר? |
| „ „ „ „ „ 1895 | „ „ | $4^0|_0$ | „ $^1|_2$ | „ |
| „ „ „ „ „ 2345 | „ „ | $8^0|_0$ | „ $1^1|_2$ | „ |

**511.** אַ סוחר האָט געקויפֿט טהיי פֿאַר 1860 רובל און האָט עס פֿערקויפֿט מיט $20^0|_0$ ריוח. וויפֿיעל האָט דער סוחר אָבגענומען פֿאַר דעם טהיי?

**512.** אין קיעווער קרייז (אוייעזד) זיינען דאָ 30000 יודען. דאָס איז $10^0|_0$ פֿון דער גאַנצער בעפֿעלקערונג. ווי גרויס איז די גאַנצע בעפֿעלקערונג פֿון קיעווער קרייז?

**513.** אין דער שטאָדט קאָוונא זענען דאָ 80000 אײַנוואוינער, פֿון זיי — 41% יודען. וויפֿיעל יודען זענען דאָ אין דער שטאָדט קאָוונאָ?

**514.** אין דער רעזידענץ פֿון דער אָטאָמאַנישער מלוכה, קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, זענען דאָ אונגעפֿעהר 60000 יודען, דער גרעסטער טייל ספֿרדים און נור 8000 זענען אשכנזים. וואָס פֿאַר אַ % יודען אַשכנזים רעכענט זיך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל?

**515.** אין רוסלאַנד זענען רעגיסטרירט 14000 קאַראַאימער. די גרעסטע קהלה פֿון די קאַראַאימער איז די טראָקער (ווילנער גובערניע), וואו עס געפֿינען זיך 4½% פֿון דער גאַנצער קאַראַאימער בעפֿעלקע־רונג. וויפיעל קאַראַאימער צעהלט די טראָקער קהלה?

## אויפֿגאַבען אויפ׳ן גאַנצען קורס.

**516.** אין חינא איז דאָ אַ נישט־בעדייטענדע צאָהל יודען און, לויט דער קבלה פֿון די דאָרטיגע יודען, האָבען זיי זיך בעזעצט אין חינא אין דער צייט פֿון קייזער מינג־טי, אין יאָהר 206 פֿאַר דער אײ־ראָפּעאישער צייט־רעכענונג. ווי לאַנג געפֿינען זיך יודען אין חינא?

**517.** אין ארץ־ישראל זענען דאָ 34 יודישע קאָלאָניעס, וואָס זענען געגרינדעט געוואָרען אין די לעצטע 25—30 יאָהר. סך־הכל זע־נען אין אַלע קאָלאָניעס דאָ אַנ׳ערך 8000 נפֿשות; אויף יעדען נפֿש קומט־אוים אַנ׳ערך 37 דונאַם (איין נײַנטעל העקטאַר) ערד. וויפיעל ערד פֿערנעהמען אַלע קאָלאָניעס? און וויפֿיעל נפֿשות קומט־אוים דורכ־שניטליך אויף איין קאָלאָניע?

**518.** וויפֿיעל טעג זענען דאָ פֿון הײַנט ביז׳ן סוף יאָהר?

**519.** פֿון 3 פֿונט מעהל קאָן מען האָבען 4 פֿונט ברויט. בע־רעכענט, וויפֿיעל ברויט וועט אַרויסקומען פֿון 17 זעק מעהל, אויב יעדער זאַק מעהל וועגט 6 פּוד מיט 15 פֿונט, און דער ליידיגער זאַק וועגט 9 פֿונט?

**520.** אויף צו דרוקען אַ ביכעל האָט מען נעקויפֿט איין מאָל 85 ריז מיט 15 ליווערס פּאַפּיר, און אַ צווייט מאָל — 7 ריז 6 ליווערס פּאַפּיר. וויפֿיעל קאָסט דאָס גאַנצע פּאַפּיר, אַז אַ ריז קאָסט 3,20 רובל?

**521.** פֿון אַ פֿונט רויהען קאַווע קומט־אַרויס 27 לויט מיט 1 זאָלאָטניק געבּרענטער קאַווע. וויפֿיעל געבּרענטער קאַווע וועט אַרויסקומען פֿון 57 פוּד 16 פֿונט רויהען קאַווע?

**522.** פֿון אַ פֿונט ווייצען־מעהל קומט־אַרויס 1 פֿונט 36 זאָלאָטנ. חלה. וויפֿיעל ווייצען־מעהל דאַרף מען אויף 6 פוּד 24 פֿונט חלה?

**523.** מען האָט אויסגעמישט 3 סאָרטען מעהל: 6 פוּד צו 2,60 רובּל אַ פוּד, $8\frac{1}{2}$ פוּד צו 2,40 רובּל אַ פוּד, און $5\frac{1}{2}$ פוּד צו 2 רובּל אַ פוּד. וויפֿיעל דאַרף קאָסטען 1 פוּד געמישעכטס?

**424.** אַנ'אַפּטייק־פֿונט האָט 84 זאָלאָטניק. אַנ'אַפּטייק־פֿונט טיילט זיך אַזוי: 1 פֿונט=12 אונציעס; 1 אונציע=8 דראַכמעס; 1 דראַכמע=3 סקרופּולען; 1 סקרופּול=20 גראַן. וויפֿיעל גראַן האָט 1 פוּד 12 זאָלאָטניק פֿון אַ סוחר'ישער וואָג?

**525.** גלות־בבל איז פֿאָרגעקומען אין יאָהר 597 פֿאַר דער אייראָפּעאישער צייט־רעכענונג, און גרוש־ספֿרד איז פֿאָרגעקומען אין יאָהר 1492. וויפֿיעל יאָהרען זענען אַריבּער צווישען גלות־בבל און גרוש־ספֿרד? ווי לאַנג איז פֿון די ביידע געשעהענישען ביז איצט?

**526.** וויפֿיעל וועגט אַ פֿיער־קאַנטיגער קלאָץ, וואָס די גרעב פֿון יעדע קאַנט איז 7 צאָל און זיין לענג איז 9 פֿוס, אויב אַ קוּביק־צאָל פֿון דעם האָלץ וועגט אַ העלפֿט פֿון אַ קוּביק־צאָל וואַסער, און 25 קוּביק־צאָל וואַסער וועגט 1 פֿונט?

**527.** 3 סוחרים האָבען אַ בשותפֿות'דיג געשעפֿט און אַלע צוזאַמען האָבען זיי אַריינגעלעגט אין געשעפֿט 45612 רובּל. וויפֿיעל געלד האָט יעדער סוחר אַריינגעלעגט אין געשעפֿט, אַז דער ערשטער האָט אַריינגעלעגט צוויי מאָל אַזוי פֿיעל, און דער צווייטער—דריי מאָל אַזוי פֿיעל פֿון דריטען?

**528.** איין יונגעל האָט געפֿרעגט זיין חבר, וויפֿיעל זייטען געפֿינט זיך אין זיין בוך, האָט דער חבר געענטפֿערט: לעג־צו צו 1000 אַ העלפֿט, נאָכדעם אַ פֿערטיל, נאָכדעם אַנ'אַכטעל פֿון די 1000, וועט אַרויסקומען 15 מאָל אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל זייטען עס זענען דאָ אין מיין בוך. וויפֿיעל זייטען זענען געווען אין בוך?

529. אַ זילבערנער בעכער האָט געוואוינען 18 לויט מיט 2 זאָלאָטניק; ריינער זילבער איז געווען אין איהם 49 זאָלאָטניק. פון וואָס פאַר אַ פּראָבע איז געווען דער בעכער?

530. אין בערלין זענען דאָ 2040148 איינוואוינער, דערפון יודען—98893. וואָס פאַר אַ פּראָצענט יודען איז דאָ אונגעפעהר אין בערלין? (ד. ה. וויפיעל יודען זענען דאָ אין בערלין אויף יעדערע 100 איינוואוינער).

531. אין פּאַריז זענען דאָ 2550000 איינוואוינער; דערפון יודען—$2^1/_2\%$. וויפיעל יודען זענען דאָ אין פּאַריז?

532. אַנ׳אַיינפאַל. אַמאָל האָט אַ הונגעריגער יעגער געטראָפען אין פעלד צוויי פּאַסטוכער, וואָס האָבען זיך געזעצט עסען. האָט ער געבעטען, זיי זאָלען איהם צונעהמען פאַר אַ שותּף צום מיטאָג, ער וועט זיי בעצאָהלען. די פּאַסטוכער האָבען איינגעשטימט. דערביי האָט איינער איהם געגעבען צוויי שפּייזען, און דער צווייטער—דריי שפּייזען. נאָכ׳ן עסען האָט דער יעגער זיי בעצאָהלט 50 קאָפּיקעס. ווי אַזוי בעדאַרפען די פּאַסטוכער צוטיילען צווישען זיך דאָס געלד?

533. מען האָט אויסגערעכענט, אז אין ניו-יאָרק קומט-פאָר אַלע צוויי-שעה אַנ׳אומגליקליכער צופאַל, וואָס ענדיגט. זיך מיט׳ן טויט. בערעכענט, וויפיעל אומגליקליכע צופאַלען עס קומט-פאָר אין ניו-יאָרק אין משך פון אַ יאָהר?

534. מען האָט געפרעגט אַ יונגעל, ווי אַלט ער איז, האָט ער געזאָגט: ווען מיין טאַטע איז אַלט געווען 28 יאָהר, בין איך אַלט געווען $^1/_4$ פון איהם, און היינט בין איך אַלט אַ העלפט פון מיין טאַטען. ווי אַלט איז דאָס יונגעל?

535. אַז מען וויל וויסען די סומע פון אַ גאַנצער רייה צאָהלען, ווי: 1, 2, 3, 4, 5 א. אַ. וו., קאָן מען עס בערעכענען, נישט מאַכענדיג קיין חבור, וואָס עס איז פיעל לייכטער.

משל: איהר ווילט וויסען די סומע פון די צאָהלען:

$$1+2+3+4+5+6+7+8$$

ד. ה., פונקט וויפיעל חנוכה-ליכטלעך מען בעדאַרף אויף גאַנץ חנוכה. לאָמיר איצט די רייה צאָהלען איבערשרייבען צוויי מאָל איינע אונטער דער אַנדערער, נאָר אין פערקעהרטען סדר,

אַזוי:

1 2 3 4 5 6 7 8
8 7 6 5 4 3 2 1

מערקווירדיג, אַז יעדע קאָלאָנע פון אויבען אַראָב בעטרעפט 9; עס איז אַלזאָ לייכט צו בערעכענען די צאָהל פון ביידע רייהען, נישט מאַכענדיג קיין חבור, נור אַ כפל: אַזוי ווי יעדע קאָלאָנע בעטרעפט 9 און אַזעלכע קאָלאָנעס זענען דאָ 8, אַלזאָ: 9×8=72; אַז ביידע רייהען בעטרעפען 72, בעטרעפט 1 רייה 72 : 2=36, דעריבער, אַז מען וויל מאַכען אַ חבור פון אַ גרויסער רייה צאָהלען, למשל: פון 1 ביז 100, איז גענוג, מען זאָל אויפלעגען די ערשטע צאָהל מיט דער לעצטער (1+100=101), די סומע טאָפלען אויף אַזוי פיעל, וויפיעל צאָהלען עס זענען דאָ אין דער גאַנצער רייה: (101×100=10100) און דעם סך-הכל צוטיילען אויף דער העלפט (10100 : 2=5050).

536. בערעכענט די סומע פון אַלע צאָהלען פון 1 ביז 20 ;
537. „ „ „ 4 „ 50 ;
538. „ „ „ 10 „ 70 ;
539. „ „ „ 1 „ 200 ;

(נישט מאַכענדיג קיין חבור)

---

# X

## ברוך-צאָהלען.

### איינינע האַנדלונגען מיט ברוך-צאָהלען.

540. נעהמט אַ שטעקעל, גרויס ווי אַ מעטער (מעטער=אויס), און צוברעכט עס אויף צוויי גלייכע טיילען. ווי גרויס איז יעדעס שטיקעל (מעטער=אויס). וויפיעל האַלבע מעטער איז דאָ אין אַ גאַנצען מעטער (פון גאַנצען שטעקעל איז געוואָרען צוויי האַלבע, ווייל מ'האָט דאָס שטע

קעל צובראָכען, דערום רופט מען אַ האַלב און בכלל אַ נישט־גאַנצע צאָהל ברוך־צאָהל, ווייל עס קומט אַרויס פון צוברעכען אַ גאַנץ).

**541.** אַז מיר צוטיילען אַ זאַך אויף 5 גלייכע טיילען, הייסט יעדער טייל אַ פינפטעל; צוטיילען מיר ווידער אַ זאַך אויף 10 גלייכע טיילען, הייסט יעדער טייל אַ צעהנטעל. ווי אַזוי שרייבט מען אויף מיט ציפער: איין פינפטעל? ($\frac{1}{5}$). צוויי פינפטעל? דריי פינפטעל? וואָס בעדייט די צאָהל אונטער'ן פאַסיקעל? (אויף וויפיעל גלייכע טיילען די זאַך איז צוטיילט געוואָרען), און די צאָהל איבער'ן פאַסיקעל? (וויפיעל אַזוינע טיילען מיר נעהמען).

**542.** ווי וועט הייסען יעדער טייל פון אַ מעטער, ווען מיר זאָלען איהם צוטיילען אויף 4 גלייכע טיילען? אויף 6 גלייכע טיילען? אויף 8 גלייכע טיילען?

**543.** אויף וויפיעל גלייכע טיילען דאַרף מען צוטיילען אַ מעטער, כדי עס זאָלען אַרויסקומען האַלבע? פערטלען? אַכטלען? צעהנטלעך?

**544.** וויפיעל האַלבע איז דאָ אין אַ מעטער? וויפיעל אַכטלען? צעהנטלעך?

**545.** ווען בעקומען מיר גרעסערע חלקים, צי ווען מיר צוטיילען אַ זאַך (אַנ'עפּעל, למשל) אויף מעהר חלקים, צי ווען מיר צוטיילען עס אויף וועניגער חלקים? אויף 2, צי אויף 4? אויף 5, צי אויף 8? אויף 3, צי אויף 7?

**546.** וואָס איז גרעסער: $\frac{1}{2}$, צי $\frac{1}{4}$? $\frac{1}{5}$, צי $\frac{1}{8}$? $\frac{1}{7}$, צי $\frac{1}{10}$?

**547.** וויפיעל דאַרף מען צולעגען צו $\frac{3}{4}$ מעטער, אַז עס זאָל זיין אַ גאַנצער מעטער?

**548.** וואָס איז מעהר: $\frac{3}{5}$ מעטער, צי $\frac{3}{8}$ מעטער? $\frac{2}{4}$ מעטער, צי $\frac{2}{10}$ מעטער?

**549.** ווי קאָן מען אַנדערש אויפשרייבען: $\frac{2}{2}$, $\frac{4}{4}$, $\frac{8}{8}$, $\frac{5}{5}$, $\frac{7}{7}$?

**550.** וויפיעל וועט בלייבען פון אַ מעטער סחורה, אַז מיר וועלען

אָבשנייַדען $\frac{1}{2}$ מ.? $\frac{3}{5}$ מ.? $\frac{7}{10}$ מ.? $\frac{5}{8}$ מ.? $\frac{3}{4}$ מ.?

**551.** וויפיעל האַלבע עפּעל וועלען מיר האָבען, אַז צו איין עפּעל וועלען מיר צולעגען $\frac{1}{2}$ עפּעל?

**552.** וויפיעל פערטיל בויגען פּאַפּיר וועלען מיר האָבען, אַז צו 1 בויגען וועלען מיר צולעגען נאָך $\frac{1}{4}$? $\frac{3}{4}$?

**553.** נעהמט אַ בויגען פּאַפּיר און צושנייַדט איהם פונקט אין דער העלפט. וויפיעל האַלבע איז דאָ אין אַ בויגען?

**554.** נעהמט פריהער איין האַלבען בויגען און צוטיילט אויף דער העלפט, נאָכדעם צוטיילט דעם צווייטען האַלבען בויגען אויף דער העלפט. וויפיעל חלקים האָט איהר איצט פון איין בויגען? ווי הייסט יעדער חלק? און וויפיעל פערטיל איז דאָ אין אַ האַלב? וויפיעל פערטיל איז איין האַלב מיט איין פערטיל? איין גאַנץ אָהן איין פערטיל? $\frac{3}{4}$ מיט איין פערטיל? $\frac{3}{4}$ מיט $\frac{1}{2}$?

**555.** נעהמט איצט און צושנייַדט יעדען פערטיל פון בויגען פּאַפּיר אויף דער העלפט. וויפיעל אַזעלכע חלקים וועט איהר האָבען פון גאַנצען בויגען? ווי הייסט יעדער חלק? (איין אַכטעל).

**556.** נעהמט איצט אַ גאַנצען בויגען פּאַפּיר און צוטיילט איהם אויף צוויי האַלבע; איצט נעהמט יעדע האַלבע און צוטיילט אויף דריי גלייַכע חלקים. וויפיעל אַזוינע חלקים איז דאָ אין גאַנצען בויגען? ווי הייסט יעדער חלק? וויפיעל זעקסטעלעך איז דאָ אין אַ האַלבען בויגען? וויפיעל צוועלפטעלעך איז דאָ אין אַ האַלבען? וויפיעל צוועלפטעלעך איז דאָ אין אַ דריטעל? וויפיעל צוואַנציגסטעלעך איז דאָ אין אַ האַלבען? אין אַ פערטיל? וויפיעל הונדערטעלעך איז דאָ אין אַ גאַנצען בויגען? אין אַ האַלבען? אין אַ פערטיל?

**557.** וויפיעל שטיק איז דאָ אין אַ האַלב טוץ? אין אַ פערטיל טוץ? אין דריי־פערטיל טוץ?

**558.** וויפיעל מינוט איז דאָ אין אַ האַלבער שעה? אין אַ פערטיל שעה? אין דריי־פערטיל שעה?

.559 וואָס פאַר אַ טייל פון אַ רובל איז 10 קאָפּיקעס? 20 קאָפּיקעס? 1 קאָפּיקע?

.560 וואָס-פאַר אַ טייל פון אַ פוד איז אַ פונט? וואָס פאַר אַ טייל פון אַ פונט איז אַ לויט?

.561 וויפיעל פעניג איז דאָ אין אַ האַלבען מאַרק? אין אַ פערטיל מאַרק?

.562

$$\frac{5}{6}-\frac{1}{6} \qquad \frac{2}{3}-\frac{1}{3} \qquad \frac{1}{6}-\frac{1}{6}+\frac{1}{6}+\frac{1}{6} \qquad \frac{1}{3}+\frac{1}{3}$$

$$\frac{5}{8}-\frac{1}{8} \qquad \frac{2}{5}-\frac{1}{5} \qquad \frac{1}{7}+\frac{1}{7}+\frac{1}{7}+\frac{1}{7} \qquad \frac{1}{4}+\frac{1}{4}$$

$$\frac{8}{9}-\frac{5}{9} \qquad \frac{3}{7}-\frac{1}{7} \qquad \frac{1}{8}+\frac{1}{8}+\frac{1}{8}+\frac{1}{8} \qquad \frac{1}{5}+\frac{1}{5}$$

.563

$$\frac{1}{8}-\frac{1}{16} \qquad \frac{1}{8}+\frac{1}{16} \qquad \frac{1}{2}-\frac{1}{4} \qquad \frac{1}{4}+\frac{1}{2}$$

$$\frac{1}{4}-\frac{1}{16} \qquad \frac{1}{1}+\frac{1}{16} \qquad \frac{1}{2}-\frac{1}{8} \qquad \frac{1}{2}+\frac{1}{8}$$

$$\frac{1}{2}-\frac{1}{16} \qquad \frac{4}{2}+16 \qquad \frac{1}{4}-\frac{1}{8} \qquad \frac{1}{4}+\frac{1}{8}$$

.564

$$1\frac{1}{2}-\frac{3}{4} \qquad \frac{7}{8}-\frac{1}{4} \qquad \frac{3}{4}+\frac{3}{8} \qquad \frac{7}{8}+\frac{3}{4}$$

$$1\frac{1}{2}-\frac{5}{8} \qquad \frac{7}{8}-\frac{3}{4} \qquad \frac{3}{8}+\frac{5}{8} \qquad \frac{3}{4}-\frac{1}{8}$$

$$1\frac{1}{2}-\frac{1}{8} \qquad \frac{5}{8}+\frac{1}{2} \qquad \frac{1}{4}+\frac{5}{7} \qquad \frac{1}{2}+\frac{3}{4}$$

.565

$$\frac{5}{12}-\frac{1}{3} \qquad \frac{1}{4}+\frac{1}{12} \qquad \frac{2}{3}+\frac{1}{3} \qquad \frac{2}{3}+\frac{1}{6}$$

$$\frac{5}{12}+\frac{1}{3} \qquad \frac{1}{4}-\frac{1}{12} \qquad \frac{5}{6}+\frac{1}{3} \qquad \frac{1}{3}-\frac{1}{6}$$

$$\frac{7}{12}-\frac{1}{2} \qquad \frac{3}{4}-\frac{1}{12} \qquad \frac{5}{9}-\frac{1}{3} \qquad \frac{2}{3}-\frac{1}{6}$$

.566

$$\frac{5}{6}-\frac{1}{12} \qquad \frac{1}{3}-\frac{1}{6} \qquad \frac{11}{15}-\frac{3}{5} \qquad \frac{1}{5}-\frac{1}{10}$$

$$\frac{5}{6}-\frac{1}{2} \qquad \frac{1}{5}-\frac{1}{10} \qquad \frac{4}{5}+\frac{2}{15} \qquad \frac{2}{5}-\frac{3}{10}$$

$$\frac{5}{6}-\frac{1}{2} \qquad \frac{1}{8}-\frac{1}{32} \qquad \frac{3}{5}+\frac{7}{10} \qquad \frac{1}{5}-\frac{2}{15}$$

**.567** $\frac{3}{17}\times5$   $\frac{2}{15}\times6$ רובל   $\frac{3}{4}\times2$   $\frac{5}{6}\times5$

$\frac{3}{25}\times7$   $\frac{3}{8}\times3$ פונט   $\frac{3}{4}\times12$   $\frac{1}{2}\times3$ פונט

$\frac{3}{7}\times2$   $\frac{5}{7}\times2$ מעטער   $\frac{3}{4}\times4$   $\frac{1}{3}\times4$ לויט

**.568** $4:2$   $\frac{27}{100}:3$   $\frac{18}{25}:9$   $1:5$

$1:3$

$\frac{4}{5}:2$   $\frac{9}{10}:3$   $\frac{24}{25}:6$   $1:8$

$\frac{4}{7}:2$   $\frac{9}{100}:3$   $\frac{16}{19}:8$   $1:10$

**.569** $\frac{1}{2}:2$   $\frac{1}{3}:2$   $\frac{1}{4}:2$   $\frac{1}{10}:4$

$\frac{1}{2}:3$   $\frac{1}{3}:3$   $\frac{1}{5}:2$   $\frac{3}{10}:4$

$\frac{1}{2}:4$   $\frac{1}{3}:4$   $\frac{1}{6}:2$   $\frac{3}{10}:5$

**.570** אַ לינדען־בוים האַלט 8 מעטער די הויך, און אַ באַרן־בוים — $6\frac{3}{4}$ מעטער, מיט וויפיעל איז אַ לינדען־בוים העכער פון אַ באַרן־בוים?

**.571** 1 פראַנצויזישער פראַנק איז גלייך $\frac{4}{5}$ פון אַ דייטשען מאַרק. וויפיעל מאַרק איז דאָ אין 3 פראַנק? אין 20 פראַנק?

**.572** צו מאַכען טריוואַקס בענוצט מען קרייד $\frac{1}{17}$ פון גאַנצען מאַטעריאַל. וויפיעל פונט קרייד בעדאַרף מען נעהמען צו מאַכען 34 פונט טריוואַקס?

**.573** פון אַ פונט ווייצען־מעהל באַקט זיך אויס $1\frac{2}{5}$ פונט חלה. וויפיעל פונט חלה וועט אַרויסקומען פון 7 פונט מעהל?

**.574** אין 10 פונט פולווער נעהט אַריין $7\frac{1}{2}$ פונט סעליטרע, $1\frac{1}{2}$ פונט קויהלען און 1 פונט שוועבעל. וויפיל פונט סעליטרע, קויה־לען און שוועבעל נעהט אַריין אין 5 פונט פולווער? אין 2 פונט פול־ווער? אין אַ פוד פולווער?

**.575** 1 ליטער מילך וועגט $1\frac{3}{100}$ קילאָגראַם, און 1 ליטער ספירט וועגט $\frac{4}{5}$ קילאָגראַם. מיט וויפיעל איז אַ ליטער כפירט לייכטער פון אַ

ליטער מילך

**576.** ביי אַ דערוואַקסענעם מענש קלאַפּט דער פּולס 75 מאָל אין אַ מינוט. וויפיעל קלעפּ מאַכט דער פּולס אין $1^1/_5$ שעה? אין $1^4/_5$?

**577.** איין ליטער קוועקזילבער ווענט $13^3/_5$ קילאָגראַם. וויפיעל ווענט 2 ליטער קוועקזילבער?

**578.** אַ קוביק־מעטער לופט ווענט $1^{29}/_{100}$ גראַם. וויפיעל ווענט די לופט אין אַ צימער, וואָס האָט די לענג 10 מעטער, די ברייט — 5 מעטער, און די הויך — 4 מעטער?

**579.** די לבנה נעהט־אויף אַלע טאָג מיט 50 מינוט שפּעטער, ווי דעם פאָריגען טאָג; היינט איז די לבנה אויפגעגאַנגען $^3/_4$ אויף ניין. ווען איז די לבנה אויפגעגאַנגען נעכטען? וויפיעל אַ זייגער וועט זי אויפ־נעהן מאָרגען?

---

# XI

## רוימישע ציפער.

---

**580.** שרייבט־איבער: I = 1, V = 5, X = 10, L = 50, C = 100, D = 500, M = 1000; VI = 6, IV = 4, XI = 11, IX = 9, LX = 60, XL = 40, CX = 110, XC = 90, CL = 150, DC = 600, CD = 400, MC = 1100, CM = 900, MD = 1500.

**581.** וויפיעל איז: II, III, XIII, XX, XLI, LXXIII, LCIV, DC, CD, MDC, MDCDXVII?

**582.** שרייבט־אויף מיט רוימישע ציפער פון 1 ביז 10.

**583.** „ „ „ „ „ „ 10 „ 100.

**584.** „ „ „ „ 100 „ 1000.

בלויזע הונדערטער.

---

# מאָסען־טאַבעלע.

## דאָס מעטרישע מאָסען־סיסטעם.

### א) מאָסען.

1 מעטער = 10 דעצימעטער = 100 סאַנטימעטער = 1000 מילימעטער.

1 קילאָמעטער = 1000 מעטער.

1 מיריאַמעטער = 10 קילאָמעטער = 10000 מעטער.

1 אַר = 100 קוואַדראַט־מעטער.

1 העקטאַר = 10000 קוואַדראַט־מעטער.

### ב) מאָסען פון פליסיגע קערפער.

1 ליטער (= 1 קוביק־דעצימעטער)

1 דעקאַליטער = 10 ליטער.

### ג) וואָגען.

1 קילאָגראַם = 1000 גראַם (אַזוי פיעל וועגט 1 ליטער וואַסער אין דער וואַרימקייט פון 4 גראַד צעלזיום).

1 קילאָצענטנער = 100 קילאָגראַם.

1 טאָן = 10 קילאָצענטנער = 1000 קילאָגראַם.

## געוועהנליכעם מאָסען־סיסטעם.

### ד) מאָסען.

1 מיל = 7 וויאָרסט; 1 וויאָרסט = 500 קלאַפטער; 1 קלאַפטער = 3 אַרשין; 1 אַרשין = 16 ווערשקעס. — 1 קלאַפטער = 7 פוס; 1 פוס = 12 צאָל; 1 צאָל = 10 לינעס. 1 פוילישער קלאַפטער האָט 6 פוס.

ה) וואָגען.

1 פוד=40 פונט; 1 פונט=32 לויט; 1 לויט=3 זאָלאָטניק; 1 זאָלאָטניק=96 חלקים (דאָלעס).

ו) שיט-מאָסען.

1 קאָרץ=8 פערטיל; 1 פערטיל=8 טעפּ.

ז) מאָסען פון פליסיגע קערפּער.

1 פאַס=40 עמער. אַנ'עמער טיילט זיך אויף פערטלעך, צוואַנציגסטלעך, פערציגסטלעך און הונדערטלעך (1 עמער טיילט זיך אויך אויף 10 שטאָפען.)

ח) פּאַפּיר-מאָסען.

1 ריז=20 ליבער; 1 ליבער=24 בויגען.

ט) די צייט.

1 יובל=50 יאָהר; 1 שמיטה=7 יאָהר; 1 יאָהר=12 חדשים; 1 חודש=30 מעת-לעת; 1 מעת-לעת=24 שעה; 1 שעה=60 מינוט; 1 מינוט=60 סעקונדען.

י) געלד.

1 מאַרק=100 פעניג, לערך=46 קאָפּיקעס.—1 רובל=2 האַלבע רובל=4 פערטעלעך=100 קאָפּיקעס=200 גראָשען.—1 גילדען=30 גראָשען.—1 ענגלישער פונט סטערלינג=9,45 רובל; 1 פראַנצויזישער פראַנק, 1 איטאַליענישע לירא, 1 גריכישע דראַכמע, 1 רומענישער לייב, 1 שפּאַנישע פּעזעטע = 37 קאָפּיקעס.—1 האָלענדישער גולדען=78 קאָפּיקעס; 1 עסטרייכישער קראָן = 39 קאָפּ.; 1 דענישער קראָן = 52 קאָפּ.; 1 טערקישע לירא = 8,53 רובל; 1 פּאָרטוגיזישער קראָן = 20,99 רובל; 1 אַמעריקאַנער דאָלאַר = 1,94 רובל, 1 יאַפּאַנישע יענע=96 ק. 1 מצרים'שע לירא = 9,60 רובל.

